# ליטעראַרישע ביהנע

א זאמלונג פון

## אריגינעלע אידישע
## טהעאַטער־שטיק.



ליטעראַרישער פערלאג
256 איסט בראַדוויי
ניו יאָרק

# אינהאַלט :

טעאטער-בִּיבּליאטעק.

**№ 3.**

# דָאס אֵייבִּיגֶע לִיעד

אַ בִּילְד פון אַרְבֵּייטֶער-לֶעבֶּען אִין אֵיין אַקט.

פון

## מאַרק אַרנשטיין.



ווארשא, תרס"ז.

# פערזאנען:

---

גרשון, אַ פֿאַבריק-אַרבּיטער;

פּעסע, זיין ווייב;

חנה, זייער טאָכטער;

דוד, אויך אַ פֿאַבריק-אַרבּייטער, וואוינט מיט זיי צוזאַמען.

די זאַך קומט פֿאָר אין אַ גרויסע שטאָדט, צווישען די פֿערגאַנגענע-היינטיגע-און קומענדע צייט...

---

# דאס אייבּיגע ליעד

געשפּילט אויף פּויליש (איבּערזעצט פון פערפאסער) דאס ערשטע מאל אין ווארשעווער דראמאטישען רעגירונגס טעאטר (Teatr Rozmaitości) דעם 25 סעפּטעמטער 1901.

אויף יודיש געשפּיעלט דאס ערשטע מאל אין ריגא (יודישע טרופּע ספּעוואקאווסקי און אדלער) דעם 28 אויגוסט 1905.

---

געדרוקט פאר די פּוילישע ביהנען, אין ווארשא — „Gebetner i Wolf“,
אין קראקוי — „Gebetner i S-ka“,

געדרוקט ספּעציעל פאר יודיש-פּוילישע ביהנען, אין וואכענבלאט „Wschód“ 1901.

---



(א קליין שטיבעל אויפ'ן דאך (א פאציאטע), איין טיהר פון דער טרעפ און די צווייטע— פון דער רעכטער זייט. ס'איז ביי נאכט, עטליכע קינדער ש'אפען אויסגעבעט אויף בעקליד, און עטליכע אויף א גאל געזארבט צוב אבען בעטיל. רעכטס זיצט חנה און נייט א קלייד ביי א קליין לעמפיל, לינקס אויף א שלאפבאנק ליעגט פעסע — און וויעגט א וויינענדיג קינד).

---

# 1-טע סצענע.

## פעסע און חנה.

### פעסע.

(זינגט פערשלאפען):

שלאף, מיין פייגעלע,
מאך-צו דאס אייגעלע,
שלאף, מיין טייער קינד;
דער מלאך, דער גיטער
וועט זיין דיין היטער...
שלאף שוין, שלאף געזונד.

(דאס קינד האפט זיך אויף). וואס איז וויטער פאר א קלאג אויף דיר? וואס האסטו זיך צוהליפעט?! א שיף איז דיר אונטערגעגאנגען, אדער וואס, צו אלדע גוטע יאהר... האסט געזעהן, ווי ער האט זיך דאס א ביסעל צוריסען... דו הערסט אויף צו וויינען? איך מאך דא פון דיר באלד א בארג אש! (זי וויעגט געשווינד און זינגט):

דער מלאך, דער גוטער
וועט זיין דיין היטער...
שלאָף שוין, שלאָף געזונד.

הנה.

מאַמע, דאָס קינד איז הונגעריג, דערפאַר וויינט ער.

פעסע.

נו, וואָס קאָן איך איהם טהון, נו? ער איז טאַקי הונגעריג, ס'פערשטעהט זיך... בייטאָג האָט ער אַ ביסעל מילך געטרונקען, און מעהר האָט ער שוין אין זיין מויל נישט געהאַט. אומשטיינס געזאָגט, זיין הולטייסקער טאַטע ימח שמו האָט זיך פערהוליעט אין גאַס. אַ גיכער סוף זאָל אויף איהם קומען, טאַטע זיסער!.. ווי שפּעט איז?

הנה.

ס'וועט איצט זיין עלף אַ זייגער.

פעסע.

שוין עלף! און איהם הערט מען נישט און מען זעהט נישט.
(ס'קומט אַריין דוד, אַ געזונדטער 20-יעהריגער יונגער מאַן).

---

## 2-טע סצענע.

### דיועלבע און דוד.

דוד.

(פרעהליך) אַ גוטען אָבענד! רבי גרשון'ס ווייב איז ווייטער טרויעריג? אַ גוטען אָבענד!

פעסע.

אַ גוט יאָהר. איהר האָט נישט געזעהן מיין אַלטען?

דוד.

מיר זענען צוזאַמען אַ גאַנצען טאָג געזעסען ביי דער אַר־בייט. זיעבען אַ זייגער איז ער אַוועקגעגאַנגען אינאיינעם מיט נאָך

אַרבײַטער, נאָר מיר מיט נאָך זעקס האָט מען געהײַסען אַרבײַ־
טען „פּײַראַנט“.

פּעסע.

איהר ווײַסט נישט, וואוהין ער איז אַוועקגעגאַנגען פון פאַבריק?

דוד.

ווײַס איך, אפשר האָבען איהם די חברים אַוועקגעשלעפּט אין
באַוואַריע.

פּעסע.

(בעז) אין באַוואַריע, זאָגט איהר! אַ, זאָל איהם שוין דער
מלאך־המות אמאָל פערשלעפּען, טאַטע זיסער!...

דוד.

(שלאָגט איהר איבער) ע, רבי גרשון׳ס ווײַב, לאָזט איהם;
אַ מאַן איז אַן עבירה צו שעלטען. בענשט איהם בעסער, ווען איהם
אפשר גאָט אויך בענשען, ווײַל דערווײַל שטראָפט איהם גאָט עפּעס
טאַקי אָהן רחמנות, כ׳ווײַס נישט פאַרוואָס? ווענען זענען דאָ אַזעל־
כע, וואָס בעליידיגען אויף גאָט׳ס שמיץ, פונדעסטוועגען איז זיי
גוט, און זיי זינדיגען אַלע מאָל מעהר; און דאָ, אַזאַ אָרענטליכען
מענשען ווי רבי גרשון, טשעפּען זיך אַלע אומגליקען. הײַנט,
למשל... (ער ענדיגט נישט).

פּעסע.

(ערשראָקען) וואָס איז ווײַטער הײַנט אַוינס געשעהן? גאָט
דער האַרציגער!

דוד.

עט, חלילה נישט קיין סכנת נפשות, פונדעסטוועגען...

פּעסע.

נו, זאָגט זשע שוין, וואָס איז דאָס אַוינס געשעהן...

דוד.

די מעשה איז אַזוי געוועזן: חיים איז געקומען און האָט גע־
וואָלט צונעהמען אײַער מאַנ׳ס אַרבײַט, האָט ער זיך, נעווענדנ־
ליך, נישט געלאָזען, האָבען זיי זיך, מסתמא, גענומען רײַסען מיט

דעם קעסטעל, ביז דאס קעסטעל איז צובראכען געוואָרען און די סחורה האט זיך אויסגעשאטען אויף דער ערד. דער מייסטער איז אנגעקומען און האט פערשריבען רבי גרשונ'ען 2 רובל שטראף.

פעסע.

צוויי רובל שטראף! אזא איין אונגליק האט מיך געטראפען! צוויי רובל! אצונד וועלען מיר דארפען האטש א גאנצע וואך הונגערן!

דוד.

דאס האט זיך טאקי אייער מאן אזוי צום הארצען גענומען, אז ער האט זיך לייכט געלאזט פערפיהרען אין באוואריע.

פעסע.

מיין גרשון מוז געביך דערפון גרויס קרענקונג האבען?

דוד.

ס'פערשטעהט זיך...

הנה.

צי קאן מען דאס שוין נישט אבבעטען? דער טאטע וועט זיי געבען צו פערשטעהן, אז ס'איז נישט זיין שולד, וועלען זיי איהם דאס מאל שענקען...

דוד.

וואס זאגט איהר, הנה... איהר ווייסט זיי נישט, איהר קענט זיי נישט? ווי שטאל זענען זיי... דאס איז שוין פערפאלען!

פעסע.

פערפאלען... (זי זיפצט שווער און פערטראכט זיך, וויעגענדיג דאס קינד, באלד ווערט זי אנטשלאפען, מורמלענדיג): וואס פאר א מענשען דאס זענען... צוויי רובל... אוי, וואס פאר א מענשען... צוויי...

דוד.

(צו הנה'ן) הנה שלאפט נאך נישט?

הנה.

נאך א פאר שעה האב איך צום ענדיגען דאס קלייד.

דוד.

אָ, וועט איהר געווים בּיז שפּעט אין דער נאַכט אַרבּייטען. וואָס איז, מאָרגען וועט דען נישט זיין קיין צייט?

חנה.

ניין. דאָס קלייד מוז היינט געענדיגט ווערען. דוד ווייס דען נישט, וואָס ביי אונז טהוט זיך...

דוד.

איך ווייס, איך ווייס... אַ שרעק וואָס דערפון קאָן ווערען! אייער טאַטע בּעקומט אין פאַבּריק וואָס ווייטער ערגערע אַרבּייט, און ער אַרבּייט טאַקי וואָס אַמאָל ערגער. איינגאַנצען אַ פּאַרטאַטש געוואָרען. וואָס קאָן ווייטער זיין?

חנה.

גאָט וועט נישט פערלאָזען...

דוד.

געווים. אַז נישט, וואָלט גאָר שלעכט ...

חנה.

אפשר וועל איך מיך צו עפּעס צושלאָגען. כ'וועל זיך צו-נויפקלויבּען עפּעס געלד, וועל איך קויפען אַ נעה-מאַשין און וועל בּעקומען אַרבּייט גלייך פון די קונדשאַפטען, נישט פון דער שניי-דערין, וועל איך מעהר פערדינען

דוד.

ס'איז גרינג צו זאָגען. אייערע פערדינסטען איינאיינעם מיט רבי גרשון'ס קלעקען קוים אויף ברויט. וואָס פערדינט דער טאַ-טע? איינגאַנצען פינף רובּל אַ וואָך.

חנה.

וועט ער שפּעטער אפשר מעהר פערדינען.

דוד.

ע, וואָס אַמאָל ווייניגער פערדינט ער; וואָס אַמאָל אַרבּייט ער פּאַזאָליער. וואָס אַנ'אַנדערער מאַכט צוויי טויזענד אַ טאָג, מאַכט ער קוים צוועלף הונדערט. איך מאַך צוויי טויזענד דריי הונדערט.

חנה.

(פערוואונדערט) צוויי טויזענד דריי הונדערט!...

דוד.

יאָ, יאָ!... און אז איך וואָלט זיך מעהר געאיילט, וואָלט איך נאָך מעהר געקאָנט מאַכען. אז איך וועל האָבען אַ ווייב, וועל איך געוויס אַלע ארבייטער איבעריאָגען.

חנה.

(געשווינד) דוד האָט דען חתונה?

דוד.

ניין, ס'הייסט, געוואָלט, וואָלט איך יאָ...

חנה.

נאָר וואָס?

דוד.

ווייס איך... מען שדכנ'ט מיר. נעכטען האָט מיך אַ שדכן אַוועק־געפיהרט זעהן אַ כלה. טויזענד גילדען האָט זי און אַ דיסטרי־בוציע אויף דער מארק־גאַס.

חנה.

(מיט אַ פערהאַפטען אָטהעם) און איהר זענט דאָרט געוועזען?

דוד.

יאָ, אויף דער גאַס בין איך געשטאַנען און האָב געזעהן. דער שדכן האָט געוואָלט, איך זאָל אַריינגעהן אַהין אויף אַנ'אויס־רעד, פאַפּיראָסען־קויפען... מיט געוואַלד האָט ער מיך אַהין גע־שטופּט... נאָר איך האָב זיך איינגעשפּאַרט, איך האָב נישט גע־וואָלט, ווייל ס'איז געווען מאָנטאָג... איך פערשטעה גאָר נישט, ווי אַזוי מענשען קאָנען קומען צו אַנ'אונבעקאַנט מיידעל מיט אַ שדכן און זאָגען איהר — נישט דיר, נישט מיר: זיי מיין ווייב, און שוין... ווי אַזוי? וואָס... ווען?... אז ס'וואָלט צו אייך, אַ שטייגער, אַזוי איינער געזאָגט, וואָס וואָלט איהר תּערויף געענט־פערט? האַ? וואָס?...

חנה.

איך בין אַ יודישע טאָכטער; איך וואָלט געמוזט טהון, תּ?

מײַן טאַטע און מאַמע װאָלטען געװאָלט... נאָר איך װאָלט זיך שטאַרק אונגליקליך געפיהלט.

דוד.

ס'פערשטעהט זיך!... װאָס דען? װערען אַ כלה פאַר אַ מענ־שען, װאָס מען קען איהם נישט, און שוין צו איהם געהערען אינ־גאַנצען... געהן מיט איהם אונטער דער הופה און דערנאָך זיצען מיט איהם אין אַ בעזונדערער שטוב ביי דער גילדענע יויך און שוין הייסען: „מאַן און װײַב"... דאָס איז שרעקליך! (ער פער־טראַכט זיך, דערנאָך זאָגט ער זעהר געריהרט): אַ גוטע נאַכט!

חנה.

אַ גוטע נאַכט! (דוד געהט אַװעק צו זיך אין שטוב. חנה בלייבט פערטראַכט, דערנאָך לעגט זי דעם קאָפּ אויף דעם קלייד, װאָס זי נעהט, און װיינט, פון אָנפאַנגס שטיל, דערנאָך העכער).



# 3-טע סצענע.

## חנה און פעסע.

פעסע.

(האַפּט זיך אויף פון שלאָף) האַ?... װאָס איז דאָרט?... חנה, חנה!...

חנה.

(הערט אויף צו װיינען און נעהט װייטער) װאָס איז, מאַמע?

פעסע.

(זיך אויפהויבענדיג) אַ קינד האָט דאָ געװיינט. חיים'קע אָחער מלכה, דאַכט זיך... װייסט נישט?...

חנה.

ניין, מאַמע. דאַכט זיך, אַז ס'האָט קיינער נישט געװיינט.

פעסע.

(האָרכט זיך איין צו די שלאָפענדיגע קינדער) זיי זענען נעך־

בּיך הונגעריג, מיינע אָרעמע ווערם, ווייגען זיי אין שלאָף. אַ גאָט'ס רחמנות אויף זיי... דו האָסט אָבער אויך טרעהרען אין די אויגען... וואָס איז, בּיזט אויך הונגעריג?

חנה.

ניין, מאַמע. פון נישט שלאָפען פערגיסען מיר זיך די אויגען מיט טרעהרען און זיי טהוען מיר וועה. די צווייטע נאַכט שלאָף איך שוין נישט.

פּעסע.

(שאָקעלט טרויעריג מיט'ן קאָפּ) ניין, ניין... דו האָסט געוויינט, חנה....

חנה.

ניין...

פּעסע.

וואָס זאָגסטו מיר, אַ מאַמע דערקענט בּאַלד... יאָ, יאָ. נישט די אויגען, נאָר דאָס האַרץ טהוט דיר געבּיך וועה, מיין קינד. אַ מאַמע דערקענט גוט... אַ בּיטער לעבּען דיינס!

חנה.

(וויינט שטיל).

פּעסע.

נו, וויין שוין נישט, חנה, וויין נישט! זינג דיר בּעסער עפּעס צו, זאָלסט נישט ענטשלאָפען ווערען. זעה, דאָס קלייד זאָל היינט פאַרטיג ווערען. (הייסער) מיין חנה! מיין ליעב, האַרציג קינד, מיין איינציגע טרייסט... ווען נישט דו, וואָלט איך זיך האָטש דאַרפען טרענקען, אַזוי שלעכט איז אויף דער וועלט... (זי ווישט זיך די אויגען מיט דעם פאַרטוך) דער טויט איז גלייכער עהדער אַזאַ לעבּען!...

חנה.

(הערט אַליין אויף צו וויינען און טרייסט די מוטער): וויין שוין נישט, מאַמע, גאָט וועט נישט פערלאָזען... עס וועט נאָך אַלץ גוט זיין.

פעסע.

הלואי, הלואי! ס'איז שוין גאָר נישט אַזוי אויסצוהאַלטען!...

(זי געהט צו'ם וויעגעל און וויעגט זינגענדיג: אַ... אַ... אַ...

שלאָף, מיין פייגעלע — —

מאַך־צו — — דאָס אייגעלע — —

זי ווערט באַלד ענטשלאָפען. דוד קומט אריין שטיל, פון קיינעם נישט בעמערקט).



# 4-טע סצענע.

## דיזעלבע און דוד.

דוד.

(נישט דרייסט) חנה!...

חנה.

(דערפרייט מיט זיין צוריקקומען) וואָס?

דוד.

איך האָב געהערט, ווי חנה האָט געוויינט, הינטער דער טהיר האָב איך געהערט. חנה איז נישט בעז אויף מיר דערפאַר?

חנה.

(שטיל) ניין

דוד.

(ווי צו זיך) חנה'ן טהוט דאָס האַרץ וועה... איך פיהל, וואָס דאָס איז האַרץ־וועהטאָג. אין פאַבריק טרעפט זיך אָפט, איך צו־בלוטיג מיר די האַנד, אָדער איך בעקום אַזוי ערגעץ אַ שווערען קלאַפּ. איינמאָל האָט מיר אַ מאַשין די פוס צוגעקוועטשט, און איך האָב אַזש אַ פּאָר וואָכען געהונקען, נאָר דאָס אַלץ איז גאָר נישט צו פערגלייכען צו דעם שרעקליכען וועהטאָג פון האַרץ... וועלכע יסורים קאָנען גלייך זיין צו איהם?

חנה.

(האַפט אינטער הערצליך, הייס):

דוד לײַדט אויך? וואָס פעהלט אייך דען, וואָס?... איהר פערדיענט דאָך, צו עסען פעהלט אייך נישט... וואָס דען?

---

**דוד.**

איך בין דאָך אַ יתום (פּויזע). מיין טאַטע'ן געדענק איך נישט, און די מאַמע איז מיר געשטאָרבען, אַז איך בין קוים פיער יאָהר אַלט געוועזען. אַכט יאָהר איז מיר געוועזען, ווען מען האָט מיר שוין געהייסען אַליין אויף ברויט פערדינען. קיינעם האָט מיין לעבען נישט געקימערט, מיין האַרץ — נאָך ווייניגער... (זיי בלייבען אַ ווייַלע שטיל).

**חנה.**

(נישט דרייסט) אַז איהר וועט חתונה האָבען, וועט...

**דוד.**

(שלאָגט איבער ענערגיש) ניין! ניין! ניין!... נאָך וואָס? נאָך ווען?... חתונה האָבען?! (מיט פערדרוס) ע, חנה, וואָס רעדט איהר?...

**חנה.**

איהר האָט דאָך אַליין געזאָגט, אַז מאָרגען געהט איהר זעהן די כלה...

**דוד.**

דער שדכן רעדט מיך צו, אַ מענש — זאָגט ער — דאַרף האָבען אַן אייגען ווינקעל, עמיצען, וואָס זאָל אַ לעפעל וואַרעמס אָבקאָכען... דער שדכן איז אפשר גערעכט, נאָר איך קאָן נישט אַזוי. איך קאָן נישט אַזוי, חנה!...

**חנה.**

(הייס) דוד!... (זי וויל עפּעס זאָגען און בלייבט שטיל, פערשעמט).

**דוד.**

זאָגט זשע, חנה, איך וואָלט טאַקי גערן וויסען, וואָס איהר זאָגט דערצו. איהר זענט דאָך אַזוי קלוג!... אַי האָב איך ליעב אַלע נעכט, נאָך דער אַרבייט, דאָ ביי אַייך צו זיצען און שמועסען! אַ גאַנצע נאַכט וואָלט איך אַזוי געזעסען, פערגעסענדיג, אַז פינף אַ זייגער אין דערפריה דאַרף מען אויפשטעהן אין פאַבריק אַריין. אין גאָט'ס וועלט וואָלט איך פערגעסען! (נאָך אַ קורצען שטיל-שווייגען) און אַז איהר דערצעהלט אייערע שענע מעשיות פון די שענע פרינצען און די פערכישופטע בת-מלכות, ווערט עפּעס

דעם מענשען אויפ'ן הארץ, אזש... אזש!.. (ער געפינט נישט קיין ווארט). אי, חנה! דערנאך קאן ריען גאר נישט ענטשלאפען ווערען און ס'וויל זיך גאר נישט שלאפען... ס'וויל זיך נישט אויפהערען טראכטען פון דער שענער וועלט, וואס לעבט דארט, ווייט פון דער פאבריק, ווייט פון דער שטאדט, „הינטער דעם זיבענטען וואלד, הינטער דעם זיבענטען בארג“... אי; חנה, דערצעהלט מיר די מעשה! (ער בלייבט זיצען ענטציקט).

חנה.

(דערצעהלט): הינטער דעם זיבענטען וואלד, הינטער דעם זיבענטען בארג האט א־פישער געוואהנט — א יונגער און א שענער. אין א ווונדער־שענע שפיגל, וואס האט שפעלעך געפאשעט אין, ווי א שעפעלע, איז זי ארעם געוועזן, — האט זיך דער פישער פערליעבט, געליעבט האט אויך די שעפערין; מיט א הייסער ליעבע האבען זיי געליעבט ביידע...

אין די שעפערינס אויגען איז דער פישער א פרינץ געוועזן, און דער פישער האט די שעפערין ווי א פרינצעסין געשעצט, נאר ווייל ער האט אויסער ארעמקייט גאר נישט פערמאגט, האט ער גרויס קרענקונג געהאט, וואס ער קאן זיך מיט איהר נישט פערבינדען.

און אמאל איז דער פישער צו'ם טייך אין א פריה־מארגען געגאנגען, אין א פריה־מארגען — נאך א נישט־געשלאפענער נאכט, נאך א נאכט פון זארגען און קלערען און הערצליכע טרעהרען צו'ם גוטען גאטעניו, וואס זעהט אין די ליעבענדע קינדער זיין אייגענע עהנליכקייט...

— „גיב, ליעבער גאטעניו, היינט א גוטען געפאנג! גיב, ליעבער גאטעניו, היינט גאלדענע פישעלעך מיט בריליאנטענע אויגען, גינגאלדענע שיפען אין די ביינדעלעך — די ביינדעלעך זאלען זיין האטש פון פערל!...“

דוד.

(מיט אנ'אפענעם מויל און בליצענדע אויגען, הערט זיך איין) אי, אי! פון פערל!...

חנה.

און ער האט דאס נעץ אין טייך געווארפען.
נאכדעם האט ער זיך געלעגט אויף דער ערד, און דריי לאנ־

גע שעה האָט ער מיט הײסע טרעהרען דאָס זאַמד נאַס געמאַכט. װען ער איז װידער אױפגעשטאַנען, און האָט דאָס שװערע נעץ קוים פון טײַך אַרױסגעשלעפּט — איז דאָס נעץ געװען פול מיט שטײנער!...

ד ו ד.

(מיט אַ פערדראָס) שטײנער גאָר!... שטײנער!...

חַ נ ה.

— „אײ, ליעבער גאָטעניו, גיב האָטש אַ צונד אַ גוטען געפאַנג! — האָט דער אָרעמער פישער געבעטען אױפס־נײַ — גיב ליעבער גאָטעניו, הײַנט גאָלדענע פישעלעך מיט ברילאַנטענע אױגען, גינגאָלדענע שיפּען, און די בײנדעלעך — די בײנדעלעך זאָלען זײַן האָטש פון פערל!...“

און ער האָט דאָס נעץ אין טײַך דאָס צװײטע מאָל געװאָרפען, און ער האָט זיך װידער געלעגט אױף דער ערד, און דרײַ מאָל צו דרײַ שעה האָט ער מיט זײַנע הײסע טרעהרען דאָס זאַמד נאַס געמאַכט. און װען ער איז אױפגעשטאַנען װידער און האָט דאָס שװערע נעץ קוים פון טײַך אַרױסגעשלעפּט, איז אין איהם געלעגען אַ קלאָץ, אַ פערפוילטער!...

דער טײַך און די פײגעל האָבען שױן מנחה געדאַװענט, די זון האָט שױן געזעגענט די ערד — בײַ דעם שלאָפענדיגען טײַך, בײַ דעם [illegible]פענעם נעץ איז נאָך אַלץ דער פישער געשטאַנען.

און [illegible] האָט דאָס נעץ צום דריטען מאָל אַרױסגעשלעפּט, איז עס ג[illegible] װי אַ שפּינװעבס װאונדערבאַר לײַכט, נאָר בײַם שײַן פון דער לבנה האָט דער פישער דערזעהן, אַז דאָס נעץ איז אינגאַנצען פון זילבער, און דאָס נאַסע גראָז, װאָס איז אין איהם געלעגען, איז אינגאַנצען געװען גאָר פון גאָלד!...

ד ו ד.

(ערפרײט) פון גאָלד!...

חַ נ ה.

אױף דעם גאָלדענעם גראָז איז אַ קלײן מלאך׳ל געלעגען, אַ מלאך׳ל מיט װײַסע, פערלדיגע פליגעל, און דער האָט צום פישער זיך אַזױ אָנגערופען:

— „אױפ׳ן גרונד פון דעם טײַך ליעג איך שױן טױזענדער יאָהר! טױזענדער יאָהר, צײַט די װעלט איז בעשאַפען... נישט

פאַר אייגענע זינד האָט מיך גאָט דאָ געוואָרפען, נאָר פאַר די זינד פון אָדם און חוה..."

„נישט מיך, נאָר דעם שלאַנג האָבען זיי פאַר זייער חבר גענומען אין דער ערשטער גן־עדן'דיגער ליבע, און מיט'ן עסען פון עץ־הדעת האָבען זיי מיך בעפלעקט! — דערפאַר האָט מיך גאָט אַהער מערוואָרפען, האָטש איך בין בעשאַפען געוואָרען צו זיין יער מלאך פון דער ליבע...

„דערפאַר ליבען היינט מענשען מיט אַ ליבע פון שלאַנגען! מיט אַ ליבע, וואָס קרימט זיי, וואָס פער'סמ'ט זיי דאָס האַרץ און די מענשליכע געפיהלען. די ערשטע, די היילינע, די געטליכע ליבע איז דערטרונקען, פערוואָרפען, און די מענשען איז נאָר די שמוציגע תאוה געבליבען...

„מיין ליבער פישער! וואַרף מיך נישט צוריק אין דעם בלאָטיגען טייך! נאָר צו דיין ליבער שעפערין טראָג מיך אַהין. און איך וועל אייך דערפאַר מיט אַזאַ גליק בעשענקען, וואָס קיינער האָט נאָך דערפון נישט געגאָסען"...

— ווילסטו זשע מיר געבען אַ קרישטאָלענעם פאַלאַץ פאַר מיין ליבע, פאַר מיין טייערע שעפערין? — האָט דער פישער געפרעגט — ווילסטו מיר זילבער און גאָלד אויך געבען, איך זאָל איהר קאָנען פערשאַפען אַ גליקליך לעבען, אַ לעבען אָהן הונגער, אָהן נויט?

— „מיין ליבע בעדאַרף נישט קיין פאַלאַץ צו איהר גליק און זי ווייס נישט פון הונגער און עסען... דער הונגער און די עביגע לוסט צו זילבער און גאָלד — דאָס איז גאָט'ס שטראָף דערפיר, וואָס די ערשטע מענשען האָבען די ליבע בעפלעקט".

דער פישער האָט דעם מלאך'ס רעד שוין פערשטאַנען און האָט איהם גענומען אויף דער האַנד, געדריקט איהם צו'ם האַרצען אויף עביג! אויף עביג!... אין דאָס זילבערנע נעץ, און דאָס גאָלדענע גראָז האָט ער צוריק אין טייך גליידך געוואָרפען...

דוד.

(ענטציקט) איך האָב דיך, חנה, אויך אַזוי ליעב, ווי יענער פישער!

חנה.

(יערפריזט) דו! דוד?!

דוד.

יאָ. און דו? זאָג מיר, חנה, און דו?

חנה.

איך האָב דיך שוין ליעב פון לאַנג!

דוד.

און דו וועסט התונה האָבּען פאַר מיר?

חנה.

(פערשעמט) יאָ... אַז דער טאַטע, אַז די מאַמע וועלען בּע-שטעהן.

דוד.

און דו וועסט מיך עבּיג ליעב האָבּען?

חנה.

(מיט כלאַם) עבּיג!

דוד.

(שטאַרק ענטציקט) אַי, חנה, חנה! איך וועל פאַר דיר טאָג און נאַכט נישט אויפהערען צו אַרבּייטען, אַז ס'זאָל נאָר דיר גאָר נישט פעהלען, אַז דו זאָלסט אַליין נישט דאַרפען אַרבּייטען. און אַז איך וועל נאָר האָבּען אַ בּיסעל לעדיגע צייט צום אָפּרוהען, וועל איך זיך בּיי דיר זעצען, גאַנץ אַזוי נאָהענט... (ער זעצט זיך נעבּען איהר) האַנד אין האַנד, האַרץ צו האַרץ... אַי, די נשמות איך אינאיינעם!... און ס'וועט אונז אַזוי גוט זיין!...

חנה.

נאַי, ווי גוט!...

דוד.

און אַז דער שלאָף וועט מיר צוקלעבּען די אויגען, וועל איך לעגען דעם קאָפּ דאָ, אויף דיין שוים, און דו וועסט מיר ווייטער דערצעהלען פון ווייטען באַגדאַד — — פון די קריסטאַלענע פּאַלאַ-צען — — פון די שענע, גאָלדענע בלומען.... און אַזוי שוין אָהן אויפהער, עבּיג, עבּיג... גוט, חנה?

חנה.

אַי, ווי גוט!

דוד.

שטאַרק האָסט דו מיך ליעב, חנה?

חנה.

(מיט א פערהאַפטען אָטהעם) א שרעק ווי שטאַרק!...

דוד.

און דו ווערסט מיך קיינמאָל נישט אויפהערען ליעב צו האָבען?

חנה.

קיינמאָל נישט! קיין מאָל אין מיין לעבען! קאָן מען דען אויפהערען ליעב האָבען? וואָס רעדסטו, דוד.

דוד.

מיין גאָלדענע חנה! (ער קושט איהר די הענד, זי ווערט איהם נישט. מען הערט אָנקומען גרשונ'ן מיט א שפּור'ליך געזאַנג. שלאָגען זיי איבער פערשעמט... זי האַפּט זיך צוריק צו דער אַר־בייט און ער געהט ענטקעגען גרשונ'ן).

(קומט אַריין, בעמערקט קיינעם נישט, טהוט אויס די קאַ־פּאָטע און וואַרפט זי אין א ווינקעל, דערנאָך — דאָס וועסטעל און בלייבט אין א בלויער אַרבייט־בלוזע. דערביי הערט ער נישט אויף צו זינגען).

## 5-טע סצענע.

### דיזעלבע און גרשון.

גרשון.

אֵלֶה תּוֹלְדוֹת נֹחַ —
פון בראַנפען נעהמט מען כּחַ.
בראַנפען איז דער עיקר,
וויל פון בראַנפען ווערט מען ע

דוד.

(נעדט צו נישט דרייסט) ר' גרשון!

גרשון.

(פערשעמט. סטאַרעט זיך נישט געבען צו דערקענען, אז עס איז א ביסעל שכּור) אַ, דוד! דו שלאָפסט נאָך נישט? שוין האַלבע נאַכט, דער פייפער פון פאַבריק וועט שוין באַלד וועקען צו דער אַרבייט...

דוד.

איך וויל אייך עפּעס זאגען, ר' גרשו'ן.

גרשון.

מארגען, מארגען ביי דער ארבייט זיצען מיר דאך אינאיינעם, געניג צייט האבען.

חנה.

(ציהט דוד'ן ביי'ם ארבעל) לאז אב א צונה — מארגען, דוד, מארגען...

דוד.

פארוואס דען מארגען? בעסער באלד... באלד... זיין פּאבּריק שטערט דאס גערויש פון די מאשינען, און דאס, וואס איך וויל אייך זאגען, איז גאר נישט קיין קלייניגקייט!...

גרשון.

(פערוואונדערט) אהא, וואס איז דאס אזוינס?

דוד.

(שטאמעלט ערשראקען) איך... ר' גרשון... איהר קענט מיך, דאכט זיך, גוט... אלע מאל... האטש.. פונדעסטוועגען.. דאכט זיך.. דא... דאכט זיך...

גרשון.

(צילאכט זיך) וואס איז דיר, דוד? ס'האט דיר ווער די צונג אפגעשניטען, אדער ביזט הלילה משוגע געווארען?.... וואס רעדסטו עפּעס, וואס?

דוד.

(זאגט אלץ מיט איין אטהעם) הערט, ר' גרשון! איך האב אייער חנה'ן שטארק ליעב! זייט נישט בעז אויף מיר, איך בין נישט שולדיג. איהר ווייסט, איך בין אן ארענטליכער יונג. אייער טאכטער וועל איך אודאי שעצען און ליעב האבען זעהר! זעהר!...

גרשון.

(סטארעט זיך צו פערשטעהן) דו... דו... האסט ליעב מיין חנה, יא?... (ער רייבט דעם שטערען) האסט זי ליעב? און זי? (צו חנה'ן) און דו, חנה?

חנה.

(ביינט שוועך דעם קאָפּ) איך ... איך ...

דוד.

(ענטפערט פאַר איהר) זי אויך! יאָ, יאָ... נאָך זי שעמט

גרשון.

אַזוי? נו, איז דאָך גאָר גוט... ווי־ זילסטו דען נאָך?...

דוד.

בעשטעהט איהר. ר׳ גרשון?

גרשון.

אַ ודאי! פאַרוואָס דען נישט... (דוד צוקושט זיך מיט איהם). נו, גאַנץ גוט. די מאַמע ווייס שוין דערפון, חנה?

חנה.

ניין.

גרשון.

זי ווייס נישט! אָ, וועט זי זיך דאָס אַ ביסעל דערפרעהען. (שרייט) פעסע! פעסע! הער, פעסע!

פעסע.

(היפּט זיך אויף) פערשטומט זאָלסטו מיר ווערען! הולטיי איי־נער! ביזט שוין געקומען? צלע בעזע חלומות, וואָס ס׳האָט זיך מיר גע׳חלומ׳ט די נאַכט און יענע נאַכט, זאָלען מיר אויסגעהן צו דיין קאָפּ, צו דיין הענד און פיס און צו דיין לייב און לעבען! האָסט געזעהן, ווי ער האָט זיך דאָס אַ ביסעל צושריען, דער פיאַ־ניצע איינער! אין ווייב און קינדער האָט ער איננאַנצען פערגע־סען, זאָלען זיי פון הונגער אויסגעהן, אַבי ער זיצט זיך דאָרט מיט זיינע קאַמראַדען, וואָס פערשלעפען איהם, שוואַרץ יאָהר ווייס וואוהין... אַ, זאָל מען מיך שוין אַמאָל מיט דיר אינאיינעם בע־גראָבען, טאַטע זיסער! ס׳זאָל שוין אַמאָל זיין אַ סוף פון מיין שוואַרץ מזל ביי אַזא פיאַניצע... (זי וויינט).

גרשון.

אַ פיאַניצע, זאָגסטו, פעסע? ניין, ס׳איז אַ ליגען. אַ יוד — זאָג איך דיר — איז נישט קיין שכור... אֶמת, שולדיג זענען די חברים, וואָס אַרבייטען מיט מיר, שולדיג איז זיינוויל, טרייהטען האָט ער

מיך געוואָלט, איך זאָל זיך נישט צו'ם האַרצען נעהמען די צוויי רובל שטראָף, וואָס דער מייסטער האָט מיר פערשריבען, האָט ער געהייסען געבען בראַנפען. דערנאָך האָט געטרייסט היים — און האָט געשטעלט ביער, נח — וויטער ביער, משה — בראַנפען... מעהר גאַר נישט... אַ יודישער קאָפּ קאָן אָבער אַזוי פיעל נישט פערטראָגען, האָט ער גענומען, מיין יודישער קאָפּ, און האָט זיך אָנגעהויבען צו דרעהען, ווי שמחת תורה מיט די הקפות, להבדיל... (ער זינגט):

„עוזר דלים הושיעה נא!...

פּעסע.

שווייג שוין שטיל! דו וועקסט מיר אויף די קינדער!

גרשון.

(נאָך העכער) נישט קשה, פּעסע! אַזיידעם וועלען מיר דערפאַר האָבען זעהר אַ ניכטערען; קיין ביער און קיין בראַנפען נעהמט אונזער דוד נישט אין מויל...

פּעסע.

(וואַרפט ענערגיש דאָס וויעגעל, נישט קוקענדיג אויף איהם) וואָס רעדסטו, שכּור? פערמאַך שוין דאָס מויל! דוד וועט אין זיין הדר דערהערען, וועט זיין אַ חרפּה און אַ בושה...

גרשון.

שכּור ביזט דו, פּעסע?... זעהסט נישט, אַז ער זיצט דאָ?... מיט זיין כּלה זיצט ער דאָך, מיט אונזער חנה!...

פּעסע.

גרשון! געוואַלד, גרשון!...

גרשון.

(שטופּט דוד'ן, ער זאָל צוגעהן צו פּעסע'ן) נו, זאָג איהר דאָס, וואָס דו האָסט מיר געזאָגט. (ער שפּעט איהם נאָך): אַלע מאָל.. האָטש.. פון קינדווייז.. דאָ.. דאַכט זיך... דערנאָך — דערלאַנג מיט אַמאָל אַליך אַ שיט אַרויס! און אַ סוף... שעם זיך נישט, זי איז דאָך דיין מחותנת'טע. זאָג, אַז דו האָסט חנה'ן ליעב ווי דאָס לעבען... זעהט, ווי ער קאָן דאָ קיין צוויי נישט צעהלען... דערפאַר אין פאַבריק וועסטו נישט געפינען דעם צווייטען בתיר צו איהם...

פעסע.

(צו דוד'ן) דוד! דאס איז אלץ אנ'אמת?

דוד.

אמת, ר' גרשון'ס ווייב!... איך האב אייער חנה'ן ליעב, אייער מאן איז נישט דערוויזדער, און איהר וועט אונז א ודאי אויך נישט שטערען?...

גרשון.

וואס פאר א נארישקייט דו רעדסט! פארוואס זאל זי שטערען?... העע, העע!... (ער לאכט גוטמוטיג, ארויסשלעפענדיג פון דער קעשענע א פיערטעל ברויט, וועלכעס ער לעגט אוועק אויפ'ן טיש. חנה שפרייט אויס אויף דעם עק טיש א האנדטוך, דערלאנגט זאלץ, מעסער, גאפעל, און הערינג אויף א טעלער. ער וואשט זיך צו'ם ברויט און נעהמט עסען, שטיפענדיג דערביי מיט דער פערשעמטער חנה... און דער צייט רעדט פעסע מיט דוד'ן).

פעסע.

ניין, נישט דאס... חלילה... נאר איך מיין... (פארזיכטיג) דו ווילסט מיט איהר התונה האבען? הא?...

דוד.

האטש באלד נאך שבת, ר' גרשון'ס ווייב!...

פעסע.

(דערלאנגט אוש פון פרייד א פאטש מיט די הענד) גוט מיין איינציגער! חנה'לע! חנה'שי! (זי נעהמט זי קושען מיט פריידע-טרעהרען) נו, זאל זשע איך זיין מיט מזל! איהר זענט ביידע גאר וואוילע קינדער, נישטא קיין סך אזעלכע... (פלוצלונג ווערט זי אומעטיג) דו ווייסט אבער, דוד, אז חנה האט נישט קיין נדן? קיין אויסשטאטונג אפילו. האטש עפעס וועט זיך מיט גאט'ס הילף געפינען... מילא, ס'וועט דאך מוזען זיין... נאר גאר קנאפ...

דוד.

דאס ארט מיך נישט. איך דארף חלילה נישט אייער נדן, אבי געזונד און כח צו דער ארבייט, וועלען מיר נאך מיט גאט'ס הילף אייך אמאל קאנען מיט עפעס אויסהעלפען. אכט ריבל א וואך פערדיען איך! אכט ריבל! און אז גאט גיט — פערדיען איך נאך מעהר...

גרשון.

יאָ, יאָ! אכט רובל! אַ גאָלדענער אַרבייטער איז ער!... די אַרבייט פליהט ביי איהם פראַסט פון די הענד!...

פעסע.

(מיט נחת) אַ גאָלדען האַרץ האָט ער... נו, געלויבט איז גאָט, וואָס ער פערלאָזט אונז האָטש נישט... דאָס האָט זיך מיין מאַמע אין קבר געמיהט פאַר מיר... גאָט זאָל אייך געבען מזל מיט געזונד און ברכה... (דאָס האַרץ איז איהר איבערגעפילט) קינ-דערלעך! אַי, קינדערלעך!... (זי ווישט אַ טרעהר) שבת אי"ה וועלען מיר שרייבען תנאים מיט מזל, און נאָך יום-טוב, אַז גאָט וועט שענקען דאָס לעבען, וועלען מיר מאַכען אַ חתונה!

גרשון.

(שרייט אויס) נאָך יום-טוב! יאָ! באַלד נאָך יום-טוב אין אַ מזל'דיגער שעה!

פעסע.

נו, און יעצונד, קינדער,געהט שוין שלאָפען, איהר זאָלט קאָנען פריה אויפשטעהן צו דער אַרבייט...

דוד.

לאָזט מיך, איך בעט אייך, נאָך אַ ביסעל מיט חנה'ן זיצען, איך וועל סיי ווי סיי די היינטיגע נאַכט נישט קאָנען איינשלאָפען.

גרשון.

(צו פעסע'ן) לאָז איהם, פעסע, לאָז איהם... שלאָפען וועט ער שוין היינט סיי ווי נישט!... הע, הע, הע!...

פעסע.

אדרבה, אַז דו ווילסט, זיץ זיך מיט איהר ווי לאַנג דיין האַרץ גלוסט... שמועסט זיך אויס. איהר זענט דאָך שוין אַצונד חתן-כלה... אַ גוטע נאַכט, קינדער!

דוד.

אַ גוטע נאַכט.

פעסע.

(מיט אַ שמייכעלדיגען פאַרוואורף) חנה'לע, דו ווילסט גאָר נישט זאָגען דער מאַמען אַ גוטע נאַכט?

חנה.

(צוקושט זיך מיט דער מוטער) א גוטע נאכט, מאמע.

פעסע.

(דרעהעט איהר מיט'ן פינגער) ע, דיר האט זיך שוין אינ־גאנצען דאס קעפעל פערדרעהט... העע, העע! איך קען זיך אויף דעם... נישט קשה... איך געדענק דאס גוט... (זי געהט צו איהר בעט און זעצט זיך אוועק פערטראכט. דוד מיט חנה'ן פערטיפען זיך אין א שמועס).

גרשון.

(קומט צו פעסע'ן ווי א פערחלומ'טער און זעצט זיך אוועק נעבען איהר) די געדענקסט דאס אויך, פעסע?... מיר שטעלט זיך דאס אלץ פאר די אויגען, גלייך ווי ס'וואלט ערשט געוועזן...

פעסע.

(פערטראכט) א יאהר ניינצעהן וועט שוין זיין. הא?...

גרשון.

(פעררעכט) צוואנציג ווערט חנוכה.

פעסע.

געדענקסט, וואס פאר א קנאקעדיגער פראסט ס'איז דעמאלט געוועזן?...

גרשון.

האסט נעביך געפרארען אין דער פייכטער קעלער־שטוב אינ־איינעם מיט דיין אלטען טאטען... דיינע פערפרארענע פינגער האבען נישט געוואלט די נאדעל האלטען. געדענקסט, ווי איך האב דיר געווארעמט די פינגער אין מיינע הענד?... (ער נעהמט איהרע הענד אוןווארעמט זיי).

פעסע.

(זיפצט אב שווער) איך געדענק!...

גרשון.

געדענקסט, ווי איך האב דיינע הענדלעך געריבען אין מיינע גרויסע אויסגעארבייטע הענד, אז די ביינדלעך האבען אזש גע־קנאקט?...

פעסע.

(ווי פון שלאף) איך געדענק!

גרשון.

און אַז דאָס האָט נישט געהאָלפען, האָב איך מיט דער פּאַרע פון מויל דיינע פינגער געוואַרעמט, אָט אַזוי (ער נעהמט איהרע הענד צו'ם מויל), דערנאָך האָב איך די הענד געקושט, דערנאָך דאָס פנים, דערנאָך די אויגען... געדענקסט?... געדענקסט?!...

פּעסע.

(ווי אויבּען) איך געדענק... איך געדענק...

דוד.

(האָט זיך דערווייל אַוועקגעזעצט נעבּען חנה'ן און דערצעהלט איהר עפּעס שטיל. זי האָט אַראָבּגעלאָזען די אויגען צו דער ערד, נאָר צייטענווייז וואַרפט זי אויף איהם אַ וואַרעמען בּליק. באַלד נעהמט זי איינפעדעמען אַ נאָדעל, די הענד ציטערן איהר אָבּער אַזוי, אַז זי איז דאָס נישט אימשטאַנד צו טהון.... נעהמט ער איהרע הענד אין וואַרעמט זיי אין זיינע. דערנאָך קושט ער די הענד, זי לאָזט נישט.... די נאָדעל פאַלט איהר אַרויס פון האַנד, ער געפינט זי און פעדעמט איין. חנה נעהמט ווייטער נעהען... די אַלטע, פערנומען מיט זייער שמועס, בּעמערקען דאָס אַליץ נישט).

גרשון.

אין אַ וואָך אַרום זענען מיר שוין חתן-כלה געווען... אין פיער חדשים אַרום האָבּען מיר שוין געהייסען מאַן און ווייבּ... דיין טאַטע איז פון אָנפאַנג געווען בּיי אונז... מיינע פערדיענסטען, אינאיינעם מיט דעם, וואָס דו האָסט בּערדיענט, זענען אויף אַלעם גענוג געווען... און מיר זענען געווען אַ לאַנגע צייט גאָר אינגאַנ-צען גליקליך! ווי לאַנג, פּעסע'לע?...

פּעסע.

אַ גאַנץ יאָהר... אַז כ'האָבּ נאָר דאָס ערשטע קינד געהאַט, איז אונז בּאַלד שלעכט געוואָרען. איך האָבּ נישט געקאָנט פער-דיענען, און די הוצאות זענען גרעסער געוואָרען, דערנאָך בּין איך קראַנק געוואָרען, געדענקסט?...

גרשון.

(טרויעריג) אוי, געדענק איך! מען האָט שוין דעמאָלט גאָר נישט געמיינט, אַז דו זאָלסט נאָך לעבּען... דיין קרענק האָט אַליץ

פערצעהרט... אַ קישען אונטער דעם קאָפּ האָבען מיר דערנאָך נישט געהאַט... דערנאָך איז באַלד געבוירען געוואָרען נאָך אַ קינד, און אויך אינאיינעם — גרעסערע אָרעמקייט... אין אַ יאָהר אַרום דאָס דריטע קינד — דאַכט זיך, טאַקי חנה? האַ?

פּעסע.

יאָ.

גרשון.

דערנאָך שוין אַזוי כסדר: יעדעס יאָהר — אַ קינד און אָרעמקייט, אָרעמקייט און אַ קינד... אָך! אָך!...

פּעסע.

דערנאָך איז דער טאַטע געשטאָרבען, קיין נחת האָט ער נישט דערלעבט, אין שפּיטאָל איז ער געשטאָרבען...

גרשון.

(ווי צו זיך) אַצונד וועלען זיי דאָס איינענע ליעד זינגען...

פּעסע.

(דערשראָקען) ווער?!

גרשון.

(ווייזט אויף חנה'ן מיט דוד'ן) זיי, אונזערע קינדער!...

פּעסע.

(שטאַמעלט כמעט מיט טרעהרען) גרשון! וואָס זאָגסטו?! (זי קוקט אַ ווײַלע אויף איהם, אַ ווײַלע אויף די קינדער, דערשראָקען, פערצווייפעלט... דערנאָך וויל זי זיך טרייסטען): פונדעסטוועגען ערד זיי וועלען דערפיהלען, וואָס דאָס איז אָרעמקייט און נויט, וועלען זיי דאָך פריהער געניסען דאָס אמת'ע גליק, דאָס זיי'ע לעבען, אַזוי ווי מיר... געדענקסטו?

גרשון.

יאָ, יאָ! — איין יאָהר!...

פּעסע.

(זיפצט) איין יאָהר!... (דאָס קינד האָט זיך אין וויעגעל צוּ־וויינט).

חנה.

(נעהמט אין דערצעהלט דערביי דוד'ן, וועלכער קוקט אויף איהר

מיט פלאַמענדע אויגען פון ליעבע): הינטער דעם זיעבענטען וואַלד, הינטער דעם זיעבענטען באַרג, אין אַ שטיינערנער העל, אין אַ גלעזערנעם קאַסטען איז געלעגען אַ פּרינצעסין אין אַ פער'כשופ'טען שלאָף ...

פּעסע.

(וויעגט אין דער זעלבער צייט דאָס קינד און זינגט טרויעריג):

שלאָף, מיין פייגעלע,
מאַך-צו דאָס אייגעלע,
שלאָף, מיין טייער קינד!...

. . . . . . .

דער מלאך, דער גוטער,
וועט זיין דיין היטער...
שלאָף שוין, שלאָף געזונד!...

. . . . . . . .

(זעהר פּאַוואָליע):

דער מלאך, דער גוטער,
וועט זיין דיין היטער...

(פאָרהאַנג פאַלט לאַנגזאַם)



א. דימאָוו.

# „שְׁמַע יִשְׂרָאֵל!"

א דראַמא אין 3 אַקטען.

# פערזאנען:

| | |
|---|---|
| אהרן שיפער | |
| שרה | זיין פרוי |
| חנה | זייער טאכטער |
| יעקב ענמאן | |
| ר׳ אליהו | 'ער רב |
| 1־טער יוד | |
| 2־טער יוד | |
| סילקין | א מיליטער־דאקטאר |
| א מענש | |

מענער און פרויען.

# ערשטער אקט.

(א צימער ביי שיפער'ן אין הויז, א פראווינציעלע בעל-הבית'שע יודישע פאמיליע. אין צימער — א אונארדנונג. א צובראכענער לאמפ, שטעהט נישט אנגעצונדערהייד. א ליכט. — ביינאכט.)

## 1

(ביי'ן טיש זיצט אהרן שיפער מיט א בוך, לייענט און שעפטשעט שטילערהייד ווי ער וואלט דאווענען. זיין קאפ פארבאנדאושירט מיט א ווייסען רייניגען באנדאזש. חנה קומט אריין, שטעלט זיך אב נעבען טהיר.)

אהרן: וויפיעל א זייגער?

חנה: (ווי זי וואלט נישט הערען, הויבט-אן אומגעהן איבער'ן צימער הין און צוריק; דערנאך — הויבט-אן צו רעדען שנעל מיט א טאן, ווי זי וואלט לאכען פון עפעס). שלעכט. שלעכט. איך ווייס וואס עס וועט פארקומען.

אהרן: קיינער קען קיין זאך נישט וויסען.

חנה: און איך ווייס. ער וועט שטארבען. אט וועסטו זעהן, אז ער וועט נישט בלייבען לעבען.

אהרן: ער האט דען עפעס געזאגט?

חנה: די דאקטוירים וויסען נישט, און איך ווייס. פאר וואס? ווייל אזוי. אט אזוי בין איך שוין. און נאך דעם, ווי מען וועט לעאג'ען מקבר זיין, וועט ווידער עפעס פארקומען.

אהרן: ס'איז א גרויסע עבירה אזוי פאראויס צוזאגען.

חנה: איך קען בשום אופן נישט פערשטעהן, וואס טהוט זיך דאס מיט איהם? ער וויל פאהרען צוריק, ער בעט, אז מ'זאל איהם צוריק . . . קפידרען אין פעטערבורג.

אהרן: צודען קען מען א פערוואונדעטען פיהרען קיין פעטער־בורג? אז ער וועט זיך עטוואס פערבעסערן, וועלען מיר איהם פיהרען קיין פעטערבורג.

חנה: אין דער פריה האט ער מיך גענומען ביי'ן האנד און האט איהר נישט ארויסגעלאזט, ער האט גאר נישט גערעדט, נאר איך האב אלץ פערשטאנען. איך האב איהם געפרעגט: דו ווילסט צוריק אין פעטערבורג? ער האט זיך פונאנדערגעוויינט.

אהרן: עס קען זיין, אז ער האט עמיצען דארט. מסתמא, א שען יודיש מיידעל.

חנה: ער האט געקוקט אויף מיר און געוויינט. און פלוצלונג האט ער א קוש געטהון מיין האנד (חאפט זיך ביי'ן קאפ). איך האב איהם נישט ליעב געהאט. אט, זעהסטו, איך וויין אפילו נישט, און ער מו־שעט זיך דארט — א סימן, אז איך האב איהם נישט ליעב געהאט. און ער איז דאך מיין ברודער, מיין איינציגער ברודער, און ווען ער וועט שטארבען, וועל איך זיך אבשטעלען אליין, אין גאנצען אליין. און גאנץ גוט אזוי, גאנץ גוט. אזוי דארף צו זיין.

אהרן: שטילער, שטילער. דו טראכסט אויס אויף זיך אליין פאלשע זאכען. פון יענער צייט, וואס לעאן איז אריינגעטראטען אין „גארני אינסטיטוט", זענען שוין פאראיבער זיעבען יאהר, ער איז די גאנצע צייט נישט געקומען צו אונז צופאהרען, נאר צודען בעדייטעט דאס, אז מיר האבען איהם פערגעסען אדער ער אונז.

חנה: דאס אלץ וועט זיך שלעכט ענדיגען.

אהרן: ער האט אונז נישט פערגעסען. אט זעהסטו ווי נאר ער איז געוואהר געווארען פון אונזער אלגעמיינעם אונגליק, האט ער אלץ אוועקגעווארפען און איז געקומען צו פליהען.

חנה: בעסער וואלט זיין, ווען ער וואלט נישט געקומען.

אהרן: ווער־זשע האט געקענט וויסען, אז עס וועט אזעלכעס פארקומען.

## 2.

שרה (קומט אריין אין טהיר. איהר וועזעט איז רוהיג. עס איז צו בעמערקען, אז זי סטארעט זיך איינצוהאלטען פאר'ן קראנקען. רעדט אין די קוליסען). באלד, באלד וועל איך ברענגען (מאכט עטליכע טריט און ברעכט אוים אין א יאמערליכען געוויין, דערקט־צו דאס געזיכט מיט א טיכעל).

חנה: נו וואָס?

שרה (סטאַרעט זיך איינצוהאַלטען). ניין, גאָר נישט, ניין געהמט עפּעס אַ זאַך, געהט צום טהיר, אויפ'ן שוועל). אַט האָב איך טאַקע געפונען (געהט אַרויס).

חנה (ווי זי וואָלט אין עפּעס וועלען איבערצייגען). אַט זעהסטו, זעהסטו. ביי אונז אין הויז איז שלעכט, זעהר שלעכט.

אהרן: דו האָסט טענות צו גאָט. מיר האָבען נאָך איבער אונז אַנ' אַלטען, אַלטען גאָט, אין וועלכען איהר, יונגוואַרג, גלויבט נישט. ניין, נישט דאָס וואָס איהר גלויבט נישט, נאָר איהר טראַכט לחלוטין נישט פון איהם. אָבער ער לעבט, ער נעהמט נישט אַראָב דעם אויג פון אייך, אונגלויבער, און היט אייך אָב. נו יע, איהר, יונגע קעפּ, מיינט, אַז דאָס איז אַלץ פּלאַפּלעריי פון אַלטע לייט.

חנה: זיי מתפּלל צו איהם, בעט ביי איהם רחמים, אַז ער זאָל וואָס גיכער אונז שיקען אַ ישועה. אַז ער זאָל רחמנות האָבען (מיט אַ שאַרפען אויסגעשריי), אַז ער זאָל רחמנות האָבען אויף אונז. זיי מתפּלל צו איהם, בעט!

אהרן: ער וועט זיך אָננעהמען פאַר אונז. אונזער אַלטער יודישער גאָט. ער זעהט אַלץ. ער ווייסט אַלץ און, ווען ס'וועט קומען די צייט און די צרות וועלען זיך שוין אַריבערגיסען איבער'ן ברעג, וועט ער אויסשטרעקען זיין האַנד און וועט זאָגען מיט זיין אלמעכטיגער שטימע: „גענוג“.

חנה: פאַר וואָס אָבער זאָל ער דערלאָזען די צרות צוקומען ביז די סאַמע ברעגעס?

אהרן: נו, דאָס... דאָס ווייס ער שוין בעסער פאַר אונז. ניין, עס קען נישט זיין אַנדערש, אונזער לעאָן מוז געזונד ווערען. אַזוי וועט זיין, אַזוי וועט זיין!

חנה: ניין, מען לאַכט אונז אויס, מען מאַכט חוזק פון אונז.

אהרן: און דענסטמאָל וועט קומען דער אמת'ער נצחון. דענסטמאָל וועל איך, דער זקן, קומען צו אייך, יונגוואַרג, און וועל זאָגען: נו וואָס? ווער פון אונז איז געווען גערעכט? ווער האָט בעסערע אויגען: איהר, וואָס איהר זעהט די גאַנצע וועלט — אַ אוניווערזיטעטען אַ סך אַ זעלכע זאַכען, — אָדער איך, וואָס זעהט נאָר אָט די דאָזיגע פיער־קאַנטיגע אותיות פון דער אַלטער שפּראַך? אַ?

חנה: אָבער פאַר וואָס מאַכט ער חוזק פון אונז...

אהרן: יע, יע, בײנאַכט, װען ס'דערהערט זיך פּלוצים אַ שטאַרקע קלאַפּערײַ אין אונזערע פֿענסטער, חאַפּט איהר זיך, יונגװאַרג, צום געװעהר און שרײַט: „דער פּאָגראָם הױבט זיך אָן פֿון ס'נײַ". און איך קלער בשעת מעשה: דאָס קלאַפּט זיך גאָט אין אונזערע פֿענסטער. דער גרױסער גאָט פֿון פֿאָלק ישראל־פֿרעגט, צי װעגען מיר פֿעסט, צי גלױבען מיר? בײנאַכט װען ס'הערט זיך אַ שטאַרקע קלאַפּערײַ אין אונזערע פֿענסטער... (ס'דערהערט זיך פּלוצלונג אַ שטאַרקער קלאַפּען אין פֿענסטער).

חנה: ס'הױבט זיך שױן װידער אָן!

אהרן: גאָט פֿון ישראל!

דאָס קלאַפּען חזר'ט זיך איבער; ס'הערט זיך אַ בערוהיגענדע שטימע).

אהרן (געהט צו). װער איז דאָס?

ענמאַנס שטימע. האָט, איך בעט אײַך, קײן מורא ניט, דאָס בין איך, איך זוך שיפּער'ס װאָהנונג.

אהרן: װער־זשע זענט איהר?

ענמאַן: איך בין אַ יוד, איך בין נאָר װאָס געקומען. מײַן פֿאַמיליע־נאָמען איז ענמאַן.

אהרן: דו הערסט, װער ס'איז געקומען צופֿאָהרען? יעקב ענמאַן, דײַן חתן.

חנה (טהוט אַ ציטער, בלײַבט שטעהן װי פֿערגליװערט, זעהר אױפֿגערעגט).

אהרן (ענמאַנ'ען). קומט אַרײַן, קומט אַרײַן. אָט באַלד (געהט צו צו חנה'ן). נו, אָט זעהסטו שױן, יעקב ענמאַן איז געקומען צופֿאָהרען. און איהם האָט אױך ניט גאָט געשיקט? אָדער איר שר האָסטו איהם טעלעגראַפֿירט? װאָס, דו ביסט ניט צופֿרידען? (געהט אַװעק פֿון איהר).

חנה (הערט איהם ניט).

## 3.

(שרה קומט אַרײַן).

שרה: װאָס איז דאָ פֿאָרגעקומען?

חנה: ס'איז געקומען צופֿאָהרען יעקב ענמאַן.

שרה: יעקב ענמאַן. נו, גאָט צו דאַנקען, גאָט צו דאַנקען (װעצט זיך).

חנה: (געהט אַרויס).

שרה: וואוהין־זשע גערסטו?

## 4.

(עס קומען אַרײַן אהרן און ענמאַן).

ענמאַן (פֿון גרויס אויפֿרעגונג קען נישט רעדען, עס פֿליסען פֿון זײַנע אויגען טרעהרען. ער געהט צו שנעל צו שרה'ן; זי וויל זיך אויפֿהויבען צו איהם, נעהמט איהם אַרום, אײַנגעבויגען, גלעט איהם לאַנג, לאַנג, ווי אַ קינד).

שרה: איהר זענט מײַן זוהנ'ס אַ חבר (כליפּעט).

אהרן (בײַ'ן טהיר; די הענד ציטערן בײַ איהם).

שרה (גלעט איהם) אויסגעוואַכסען. אַ גרויסער בחור.

אהרן: אַ גליק, וואָס איהר זענט געוועזען ווײַט פֿון דאַנען.

שרה: ער איז ענהליך צו לעאָנ'ען. וואָס? אַ ביסעל ענהליך? אַ מאָדנע זאַך.

אהרן: ער איז העכער... יע, העכער...

ענמאַן: אַלע זענען בײַ אײַך געזונד? (פּויזע).

אהרן: נו, איצט איז איהם שוין בעסער... פֿיעל בעסער.

ענמאַן: פֿון וועמען רעדט איהר דאָס?

שרה: פֿון אונזער לעאָנ'ען. איך האָב איהם נישט געזעהן זיבען יאָהר. ער איז אַוועקגעפֿאָהרען פֿון אונז אַ געזונדער. איהר געדענקט, ווי שעהן ער איז געוועזען?

אהרן: נאָר אײַן טאָג האָבען מיר איהם געזעהן אַ געזונדען.

ענמאַן: וואָס איז דען פֿאָרגעקומען מיט לעאָנ'ען?

שרה: וואָס איז פֿאָרגעקומען? זיי האָבען איהם דער'הרג'ט. זיי האָבען איהם דער'הרג'ט, דער'הרג'ט האָבען זיי איהם.

אהרן: שאַ... שטילער, שטילער... דאָרט הערט מען אַלץ.

שרה (מיט אַ שטילער, אונטערדריקטער שטימע). זיי האָבען איהם דער'הרג'ט, אַט וואָס עס האָט זיך געטראָפֿען, העדר ענמאַן.

אהרן: שוין דער דריטער טאָג, אַז ער איז בײַ אונז, דאָ. (ווײַזט אויפֿ'ן צווייטען צימער).

שרה. פּלוצלונג קומט ער אַרײַן. איך האָב געמיינט, אַז דאָס חלומ'ט זיך מיר. דערנאָך איז ער באַלד אַוועקגעגאַנגען זוכען חנה'ן.

ענמאַן. חנה איז דען...

אהרן: קיין זאך, הערר ענמאן, זיט פאלשטענדיג רוהיג. חנה לעבט און איז געזונד. זי וועט באלד ארויסגעהן צו אייך.

ענגמאן: וואו-זשע איז זי דערנסטמאל געווען?

שרה: זי האט געגעלטיגט ביי איהרע א חברת׳ע, ס׳איז געווען זעהר געפעהרליך אומקעהרען זיך אהיים פארנאכט. נאר וואס פאר א נאכט מיר האבען איבערגעלעבט — איהר קענט זיך שוין פארשטעלען.

אהרן: ער איז ארויסגעגאנגען איהר זוכען, און ווי נאר ער איז ארויסגעגאנגען, האט זי זיך אומגעקעהרט.

שרה: מ׳האט איהם נישט געדארפט אבלאזען, מ׳האט נישט געדארפט.

אהרן: פאר נאכט האבען מיר איהם דערזעהן... (פויזע).

ענגמאן: ער האט זיך אומגעקעהרט נאר פארנאכט?

שרה: ניין, אליין איז ער שוין נישט געקומען, מ׳האט איהם געבראכט צו אונז.

ענגמאן: פערוואונדעט?

אהרן: אט דארט ליגט ער, ביי חנה׳ן אין צימער, שוין דעם דריטען טאג. דער דאקטאר האט געזאגט...

ענגמאן: וואו איז ער פערוואונדעט?...

שרה: אין רוקען האט מען איהם א קלאפ געגעבען. פאר וואס? ער און נאך עטליכע פון אונזערע יונגע לייט האבען געפרובט פערטיידיגען נאלדבלאט׳ס מאגאזין. אבער פלוצלונג איז ער אנידער געפאלען.

ענגמאן: מען קען איהם נישט זעהן?

שרה: אצונד קען מען נישט. נאך וואס זאל מען איהם בעאונ-רוהיגען, לאמיר ווארטען ביז מארגען. מארגען וועט איהם געוויס זיין בעסער. אויסער דעם וועט ער באלד אנהויבען צו בעטען, אז מ׳זאל איהם נעהמען צוריק אין פעטערבורג. איך וועל אייך ארייננשיקען חנה׳ן (געהט ארויס).

אהרן: ער שלאפט נאר נישט (שטיל). זי וויים נישט, אין דאסער לאנגע געפינט זיך לעאן. און נאר דעריבער האפט זי נאך. און וואס וועט זיין, אז מארגען וועט איהם נישט ווערען בעסער...

ענגמאן: צו דען איז דאס אזוי געפעהרליך?

אהרן: פיעל געפעהרליכער, ווי זי מיינט, נאר מען דארף איהר דאס נישט זאגען, אומזיסטע מאך איך זיך אזוי, כדי איהר נישט בעאונרו-היגען; נאר ווען איהר זאלט וויסען, ווי שווער...

ענגמאן: לאמיר האפען.

אהרן: איך בין אַן׳אַלטער מאַן, דאָס איז מײַן אײנציגער זוהן און, אויב גאָט׳ס צאָרן װעט נישט אײַנגעשטילט װערען, װעל איך זיך אָבשטעלען װי אַן׳אַלטער טרוקענער בוים, אָהן בלעטער.

ענמאַן: איהר פערגעסט אינגאַנצען אָן אײַער טאָכטער.

אהרן: יע, אָבער קײן „קדיש״, קײן „קדיש״ װעל איך נישט האָבען.

ענמאַן. װאָס װעט איהר נישט האָבען?

אהרן: איהר האָט דען פערגעסען אײַער מוטער שפּראַך? „קדיש״— דאָס איז אַ תּפלה, װאָס דער זוהן זאָגט נאָך זײַנע עלטערען יעדען טאָג. מיר, יודען, רופען אונזער אײנציגען זוהן אויך „קדיש״. אונזערע זיהן— דאָס זענען אונזערע תּפלות. דאָרט אויף די גאַסען זענען געשטאָרבען אונזערע תּפלות, אונזערע תּפלות צו מזרח, פון װאַנען ס׳געהט אויף די זון, הערר ענמאַן. איהר זענט יונג, איהר װײסט עס נישט. נאָר אַן׳אַלטער יוד, אַ װעלכער װי איך, װאָס זיצט בײַ׳ן בעט פון זײַן „קדיש״ און זעהט, װי פון איהם פליהט אַװעק זײַן לעבען, װי זײַנע אויגען לעשען זיך, װי... (רײַסט איבער). איך זיץ בײַ נאַכט, קוק און טראַכט: אָט, אָט שטאַרבט מײַן תּפלה. נײן, עס שטאַרבט די תּפלה פון אַ לאַנגער רײהע פון מײַנע זײדעס און עלטער, עלטער־זײדעס. בײַ די געצענדינער פלעגט מען אָנצינדען אַ פײַער, װעלכער פלעגט ברענען אין זײערע טעמפּלען און װעלכען מ׳פלעגט אונטערהאַלטען אַז ער זאָל נישט פערלאָשען װערען. בײַ יודען איז אויך פאַרהאַן אַזאַ פײַער. דאָס איז די תּפלה „קדיש״. מײַן פאָטער האָט איהר איבערגענומען פון מײַן זײדען, איך האָב איהר געזאָגט אויף מײַן פאָטער׳ס קבר, און איבער מיר, אויף מײַן קבר, האָט דאָס בעדאַרפט זאָגען מײַן זוהן. „קדיש״—דאָס איז נישט קײן תּפלה פון טױדט, נײן, דאָס איז אַ תּפלה פון װידער אויפלעבונג, זי איז געװענדעט צום מזרח, פון װאַנען די זון געהט אויף. און אָט דער אַמאָליגער, אײביגער פײַער לעשט זיך און האַלט בײַ׳ן פערלאָשען װערען... װי זאָל מען איהם פון ס׳נײַ אָנצינדען?...

ענמאַן: גאָט װעט געבען...

אהרן: יע, גאָט. איך בין אַ יוד אַ מאמין, אָבער איך זיץ דאָ און פרעג דאָך: װי אַזוי קען מען דערלאָזען, אַז עס זאָלען שטאַרבען תּפלות?... די דאָזיגע תּפלות פלעגען דאָך זײַן געװענדעט צו איהם. פאַר װאָס האָט ער נישט אויסגעשטרעקט זײַן האַנד? פאַר װאָס האָט ער נישט פערלאָשען מיט זײַנעם אַ װינד׳ל די שׂרפה? הערר ענמאַן, איך טראַכט אַ מאָהל, אַ מאָהל טראַכט איך, אַז ער איז אַ צו צאָרניגער גאָט און ס׳איז איהם שוין צײַט אויפצוהערען אונז אַלץ שטראָפען און שטראָפען, װאָס זאָגט איהר?

ענמאַן: וואָס זאָל מען זאָגען. וואָס פאַר אַ ווערטה קען דאָ האָבען ווערטער פון אַ מענשען?

אהרן: יע, יע. ער שטראָפט אונז, און מיר שווייגען. מיר שווייגען אַלץ, ריכטיג ווי אַזוי דאַרף צו זיין. נאָר איך רעכען, אַז אויף איין פראַגע דאַרף ער דאָך געבען אַן ענטפער. איהר האָט געהערט, זי האָט געפרעגט: „פאַר וואָס? פאַר וואָס?" ווען ס'הערט זיך אָט דער געשריי פון אַ מוטער — „פאַר וואָס?" קען מען נישט אויף איהם נישט ענטפערן. מען קען נישט! איך וואַרט אויף אַן ענטפער. מיר געהט דער דריי און זעכציגסטער יאָהר. ווי נאָר איך האָב אָנגעהויבען עפּעס פערשטעהן, האָב איך אָנגעהויבען מתפלל זיין צו גאָט. און ער האָט קיין איין מאָהל, פערשטעהט איהר, קיין איין מאָהל נישט ערפילט מיינע א בקשה, נישט צוגעהערט צו מיינע תפלות. און איצט זאָג איך: זאָל ער מיך נישט הערען, זאָל ער אָבער ענטפערן מיין אַלטער: פאַר וואָס? ער דאַרף עס טהון.

ענמאַן: צודען טרעפט זיך דאָס מיט די יודען דאָס ערשטע מאָהל. און צודען צום לעצטען מאָהל?...

אהרן: איך וועל אין גיכען אויפהערען מתפלל זיין צו איהם. מיין שטימע וועט נאָר אַזוי שטאַרק נישט זיין איבערצושרייען די יסורים. איך פאָדער...

ענמאַן: איהר — פאָדערט?

אהרן: איך פאָדער פון איהם א נס! פאַר די פופציג יאָהר מיינע תפלות פאָדער איך, אַז ער זאָל חאָטש איינמאָהל אַ קוק טהון אויף מיך, אויף אונזער פאַמיליע. ווי אַזוי מיר לעבען! ווי אַזוי מיר ליידען אונענדליך! ער ווייס דאָס נישט? פאַר אַלעמען געהט אויף די זון, נאָר נישט פאַר אונז. די קברים פון אונזערע פעטער זענען ווייט... אונזערע קינדער געהען אַוועק פון אונז ווייט, מיר זעהען זיי נישט, זיי בלאָנדזען ארום איבער דער וועלט, בלאָנדזען, און מיר אַלטע לייט זיצען דאָ, וואַרטען אויף זיי, זענען מתפלל, און ווען זיי קעהרען זיך אום — שטאַרבען זיי. וואָס? ער ווייס דאָס נישט? ענטשולדיגט מיך. ס'איז נישטאָ אויף דער וועלט אַזאַ לעבעדיגע בעשעפעניש, וואָס זאָל דאָס נישט וויסען... און ער ווייס נישט. נו קען דען דאָס זיין? ניין, ער וויל נישט וויסען. ער קעהרט זיך אָב. אָבער איך פאָדער פון איהם אַ נס. ס'איז אַ שרעקליך גרויסע עבירה אַזוי צופאָדערן, איך ווייס עס, נאָר איך האָב קיין אַנדער זועג נישט. ער אַליין האָט פאַרמאַכט פאַר מיר אַלע וועגען. איך פאָדער אַ נס: נעהם נישט צו ביי מיר מיין זוהן!

ענמאַן: אַזוי וועט זײַן.

אהרן: אַזוי דאַרף זײַן. (בײַטענדיג זײַן טאָן). אָט וועגען ווייס איך האָב געוואָלט מיט אײַך רעדען הערר ענמאַן: וואָס פאַר אַ ווינקעלינג־שנעלע זאַכען האָט דאָס לעאָן אין פּעטערבורג?

ענמאַן: פון וואַנען נעהמט איהר דאָס?

אהרן: ער רײַסט זיך אַלץ אין פּעטערבורג. נאָר ער איז געקומען צום זינען, האָט ער געזאָגט: שיקט מיך קיין פּעטערבורג. וואָס ערגער ס'ווערט איהם, אַלץ שטאַרקער רײַסט ער זיך אַהין.

ענמאַן. איך וועל איהם גערן בעגלייטען.

אהרן: אונמעגליך. ער וועט שטאַרבען אין וואַגאָן. נאָר וואָס איז דאָס אַזעלכעס?

ענמאַן: איך ווייס נישט. אין פּעטערבורג פלעגען מיר זיך זעלטען בעגעגענען מיט לעאָנ'ען. ער האָט געהאַט זיינס, איך – מײַנס.

אהרן: יע, מ'האָט מיר דערצעהלט, אַז וועגען אײַך האָט מען שוין אפילו געשריבען אין די צײַטונגען.

ענמאַן: מ'האָט געשריבען.

אהרן: אָט זעהט איהר אַ שאָד, וואָס אײַער פאָטער האָט דאָס נישט דערלעבט. ער איז געוועזען זעהר אַ אָרענטליכער מאַן און אויך אַ פעהיגער מענש.

ענמאַן: עס קען זײַן. אײַער טאָכטער האָט זיך שוין געלייגט שלאָפען?

אהרן: ניין, כמעט קיינער פון אונז שלאָפט נישט די טעג. נאָר איך פערשטעה נישט, פאַר וואָס קומט זי נישט אַהער.

ענמאַן. עס קען זײַן, זי ווייס נישט, אַז איך בין געקומען צו־פאָהרען?

אהרן: זי ווייס. ענטשולדיגט איהר, מיר זענען אַלע אַזוי צומישט.

ענמאַן: איהר פערשטעהט דאָך מסתמא, צוליעב וואָס איך בין געקומען צופאָהרען.

אהרן: נו, איך פערשטעה, איהר האָט דאָך נישט דאָ אין שטאָדט קיין קרובים.

ענמאַן. קיינעם נישט אויסער אײַך – אויסער אײַער פאַמיליע, דאָס הייסט איך וויל אַזוי האָפען.

אהרן. נו, נו, גיבע גאָט. האָטש איצט איז נישט קיין צײַט צו

רעדען דערפֿון, נאָר אויב מײַן טאַטע און איהר... אויב איהר וועט מיט מײַן טאַטען עפּעס בעשליסען — וועל איך בעסערס נישט פֿערלאַנגען.
נו... נו...

## 5.

(שרה קומט אַרײַן).

שרה (מיט אַ פֿרעהליך פּנים, שנעל און לעבעדיג שאָקעלט „בעיאַהענד" מיט׳ן קאָפּ). פּלוצלונג איז איהם בעסער געוואָרען. איך זיץ אַזוי און טראַכט זיך: ווי לאַנג וועט ער נאָך ליגען צום בעט? און פּלוצלונג הער איך, ער רעדט: אין צוויי וואָכען אַרום וועל איך זײַן געזונד. ריכטיג ווי ער וואָלט טרעפֿען, וואָס איך טראַכט. און די אויגען אַזעלכע קלאָרע, מונטערע. אומישנע בין איך געקומען דיר צוזאָגען...

אהרן: (פֿרעהליך און חיטרע). אָט זעהט איהר. ער הויבט זיך שוין דאָרט אָן אונטערצוגעבען (געהט אַרויס).

שרה: וועגען וועמען רעדט ער דאָס? (קוקט זיך אַרום). חנה איז דען דאָ נישטאָ?

ענמאַן: אײַער מאַן איז געגאַנגען נאָך איהר.

שרה: איהר זענט געקומען אין אַ שרעקלי[illegible]ער צײַט פֿאַר אונז.

ענמאַן: נו אָט רוהיגט זיך שוין אַלץ אײַן, און אין צוויי וואָכען אַרום וועט לעאָן...

שרה: וואָס אין צוויי וואָכען אַרום וועט זײַן פֿון לעאָנ׳ען איז מיר שרעקליך אפילו אַ טראַכט צוטהון.

ענמאַן: איהר האָט דאָך אַליין נאָר וואָס געזאָגט...

שרה: דער דאָזיגער ליגענדער זאָל מיר נישט זײַן גערעכענט פֿאַר קיין זינד. פֿריהער האָב איך זיך נישט אײַנגעהאַלטען, און איצט האָב איך אומישנע אַלץ אויסגעטראַכט אַבי איהם צובערוהיגען. ער איז אַן אַלטער מאַן און וועט נישט איבערלעבען זײַן זוהן. זאָגט איהם נישט, לעאָן איז פֿיעל געפֿעהרליכער, ווי ער מיינט. איך סטאַרע זיך מיט די לעצטע כּחות, אַז ער זאָל זיך דערפֿון נישט דערוויסען.

ענמאַן: הייסט עס, אַז לעאָן האָט אײַך איצט גאָרנישט געזאָגט?

שרה: ער שווייגט. ליגט מיט פֿערמאַכטע אויגען און ס׳קען זײַן, שלאָפֿט, איך ווייס נישט, איך ווייס נישט.

ענמאַן: און ער בעט נישט, אַז מ׳זאָל איהם אוועקפֿיהרען אין פּעטערבורג?

שרה: ער שווייגט. שטילער. זאָל איך אַליין וויסען. זיי וועלען נאָך האָבען גענוג צייט צו וויינען (געהט אַרויס).

## 6.

חנה (קומט אַריין; שמייכעלט צו מישא און שעמעווריג, קוקט אויף ענמא'נען שנעל און נאָר ווען ער קוקט נישט, סטאַרעט זיך נישט בעגעגענען זיך מיט איהם מיט די אויגען).

ענמאַן: וואָס מאַכט איהר, חנה, ליעבסטע, וואָס מאַכט איהר! (דריקט איהר האַנד, ציהט איהר צו זיך; חנה רוקט זיך אָב פאָרזיכטיג, שעמעוודיג). איהר קוקט נישט אויף מיר?

חנה: ניין, איך קוק (אָברוקענדיג זיך). איך קוק.

ענמאַן: נו וואָס איז אַזוינס? איהר האָט מיך נישט ערוואַרטעט! ניין?

חנה: פאַר וואָס? איך בין צופרידען.

ענמאַן: זעהר פערענדערט זיך. בלאַסער געוואָרען.

חנה (סטאַרענדיג זיך איבערשלאָגען איהם). מיר האָבען זיך דאָך נישט געזעהען שוין מעהר ווי אַ יאָהר.

ענמאַן: אַזוי מאָגער געוואָרען. אינגאַנצען אַנ׳ אַנדערע.

חנה: די זעלבע. פאַר וואָס אַנ׳ אַנדערע? לאַנג נישט געזעהען זיך, אַט איהר זענט אויך פערענדערט געוואָרען.

ענמאַן: נאָר וואָס האָט אייער מוטער געזאָגט, אַז לעאָן...

חנה: איהם איז בעסער. יע, איהם איז בעסער.

ענמאַן: פאַר וואָס=זשע זענט איהר אַזוי?

חנה: וואָס איז דען?

ענמאַן: איך ווייס נישט. אונטערדריקט. משונה.

חנה: כלל נישט. איך בין רוהיג. פאַר וואָס מיינט איהר עפּעס! ניין.

ענמאַן: אַם ענדע האָבען מיר זיך דערזעהען. איך האָב אַלץ געקלערט ווי אַזוי וועט דאָס זיין? ווען? עפּעס איך ווייס נישט פאַר וואָס מיר האָט זיך געדוכט, אַז אין פריהמאָרגען, פריהלינג. איך וועל קומען אויף פאַסחאַ. אויף די גאַסען איז שטיל, קיין איזוואָשציקעס זענען נישטאָ, איך וועל אומישנע נישט אָנזאָגען און וועל אומגעריכטערהייד אַריינגעהן, איך זעה אַזוי דייטליך ווי איהר וועט זיך פערוואונדערן, אַט שטרעקט איהר אויס די האַנד, אַט לאַכט איהר הויך. פאַר וואָס וויינט איהר?

חנה: (די אויגן זענען פול מיט טרערן). ניין, איך וויין נישט.

ענמאן: (שטיל, מיט א ברידערליכער איידעלקייט). דאס אלץ וועט זיין. מ'דארף נישט וויינען, ס'וועט זיין א שענער פריהלינג און א שטילע, ריינע, רוהיגע פאסחא, מ'דארף נישט וויינען. ס'וועט זיין רוהיג אויף די גאסען — יום־טוב. ליעבע חנה, שענע ליעבע חנה (גלעט איהר די האר). איהר וועט ארויסגעהן אנטקעגען און וועט אויסשטרעקען די האנד, און...

חנה: איהר גלעט מיר? יע?

ענמאן: יע. נישט טהון דאס? אייך איז נישט אנגענעהם?

חנה (שטיל, מיט צוטרוי). ניין, גוט.

ענמאן: צו אייך וועט זיך אומקעהרען אייער פריהערדיגער פרעהליכער געלעכטער. אין די אויגען — די ארענטליכע ט.. .ע אויגען — וועלען נישט זיין טרערען.

חנה: פאר וואס גלעט איהר מיך?

ענמאן: ווייל... ווייל מ'דארף אזוי.

חנה: עס קען זיין, אז איך בין גאר נישט אזעלכע, ווי איהר מיינט, און דערנאך וועט איהר זיך דארפען שעמען.

ענמאן: וואס? זיך שעמען?

חנה: וואס איהר האט זיך צוגעריהרט צו מיר.

ענמאן: מען דארף נישט אזוי צו רעדען.

חנה: (מיט אנ'איינגעהאלטענער אויפרעגונג; זי רייסט זיך א דורך). איהר ווייסט נישט, איך בין איינגאנצען איינע. איך בין איינע אליין. איהר ווייסט נישט. איך געה און וויין. יעקב, איך געה און וויין. ביי טאג און ביי־נאכט, ווען קיינער זעהט נישט און הערט נישט.

ענמאן: פאר וואס־זשע וויינט איהר אלץ?

חנה: פאר וואס? מיר איז אויף אלעמען א רחמנות. מיר איז אויף אלץ א רחמנות.

ענמאן: נו יע. מיר הערען נאר נישט, אבער צוזאמען מיט אייך וויינט דאס גאנצע יודענטום, וויינען אלע יודען אין אלע ווינקעלעך אויף אלע עקען וועלט.

חנה: מיר איז א רחמנות אויף די זאכען, כלים. אט א שטוהל, איך געה צו צו איהם, נעהם איהם ארום. ליבער שטוהל (דעקט זיך צו מיט'ן געזיכט). איך מיין, אז ער פיהלט אלץ. ליעבער שטוהל, גוטער. די טהיר — זי ווייסט אלץ, זי זעהט אלץ און לעבט מיט אונז.

איך זאָג זײַ: איהר ווײַסט אַלץ און שווײַגט. אַך, ווי גרוים ס׳איז מײַן רחמנות אויף זײַ.

ענמאַן: איך פֿערשטעה נישט.

חנה: נײַן, דאָס קען מען נישט פֿערשטעהן. איך גלעט זײַ, איך בין שולדיג פֿאַר זײַ, אַזעלכע גוטע, ווײַסען אַלץ און לײַדען.

ענמאַן: מיט וואָס זענט איהר שולדיג?

חנה: יע, יע, איך בין פֿאַר זײַ אַלעמען שולדיג. איך געה צו צום טיש אָדער צום פֿענסטער, אָט אַזוי שפּאַר איך זיך אָן מיט׳ן קאָפּ און ווײַן שטיל, שטיל.

ענמאַן: הערט זיך אײַן, איהר זענט איצט אין הויז די סאַמע טהעטיגסטע. אויף אײַך ליגט די פֿפליכט אונטער צו שטיצען אַנדערע, און איהר...

חנה: (אונערוואַרטעט). איהר געדענקט דאָרא גאָלדבלאַט?

ענמאַן: די טאָכטער פֿון וויגער־מאַכער. די שענע? הויכע?

חנה: יע.

ענמאַן: נו טאָ וואָס?

חנה: נײַן, אַזוי... זײַער מאַגאַזין איז אינגאַנצען צוראַבירט.

ענמאַן: און מיט איהר וואָס איז?

חנה: גאָר נישט. זײַ זענען איצט אָרימע לײַט.

ענמאַן: זי לעבט.

חנה: יע (פּויזע). אין אַ מאָנאַט אַרום דאַרף זײַן איהר האָכצײַט.

ענמאַן: מיט ווּעמען?...

חנה: מיט׳ן זעלבען חתן. שוין פֿיער יאָהר. איצט וועט ער מסתמא, זיך ענטזאַגען.

ענמאַן: פֿאַר וואָס?

חנה: איך קלער אַזוי. איך ווײס נישט.

ענמאַן: פֿאַר וואָס?

חנה: אַזוי (פּויזע. קוקען אײַנער דעם אַנדערען אין די אויגען).

ענמאַן: צוליעב דעם, ווײַל...

חנה: וואָס?...

ענמאַן: וואָס דער פֿאָטער איז צוראַבירט, פֿעראָרעמט, צו דען איז ער אַזעלכער?

חנה: איך ווײס נישט.

ענמאַן: נײַן, וואָס ס'זאָל זיך מיט איהר נישט טרעפען, וועט איהר דער חתן נישט אוועקוואַרפען.

חנה: (נישט אויפהויבענדיג די אויגען). איהר מיינט אז?

ענמאַן: איך בין זיכער.

חנה: (שטיל). פאַר וואָס?

ענמאַן: ווײַל ס'איז אָנגעשיקט געוואָרען אַ גרויסע, אַ שרעקליכע צרה אַ אונגליק אויף אונז אַ'עמען. קוקט זיך צו: פון אַלע זײַטען אויס־געשטרעקטע הענד, אויף אונז קוקען פערוויינטע אויגען, בלאַסע פּנים'ער... דאָס זענען דאָך ברידער. זיי וויינען צו זאַמען מיט אונז. ניין, אין אַזעלכע מינוטען געהט קיינער נישט אַוועק! פערקעהרט, די יעניגע וואָס זענען אַוועקגעגאַנגען, קעהרען זיך אום.

חנה: פאַר וואָס־זשע בין איך אַליין?

ענמאַן: איך האָב זיך אומגעקעהרט צו אײַך. מען זאָגט: יודען האָבען נישט קיין פאָטערלאַנד. עס איז ווײַט, דאָרט, איבער'ן ים. ניין, עס איז דאָ, נישט ריכטיג, עס איז דאָ. איך זעה אײַער בלאַסעס, שענעס געזיכט, און מיר דאַכט זיך, אַז איך זעה אַ געזיכט פון מײַן פאָטערלאַנד, פון מײַן היימאַט.

חנה: צו וואָס רעדט איהר אַזוי?

ענמאַן: איך האָב זיך דערוואוסט ווענען דעם אומגליק אין פעטערבורג, דאָס האַרץ מײַנס האָט זיך פונאַנדערגעוויינט. „נישט אמת, נישט אמת" „דאָס קען נישט זיין!" צוזאַמען מיט מײַן שמערץ פאַר מײַנע ברידער, האָב איך דערפיהלט אַ שרעקליכע, אַ טיעפע אויפרעגונג. איך האָב פערשטאַנען, אַז איך האָב אַ פאָטערלאַנד. אָט איז עס. דאָס קליין שטעדטעל, די גאַסען, דער הימעל, די בילדער פון אונזערע געלעהרטע, די אויגען, אײַערע שוואַרצע אויגען, חנה, אײַער געזיכט, פריהער אַזא פרעהליכע, איצט — אַ בלאַסע, ליידענדע, חנה, מײַן טײַערע, אונגליקליכע קינד. אָט האָב איך זיך צוריקגעקעהרט צו אײַך. איהר וועט מיך נישט אַוועקטרייבען.

חנה: איך פערשטעה נישט פאַר וואָס דאַרף איך אײַך אַוועק טרײַבען?

ענמאַן: הערט זיך אײַן. נו, הערט־זשע זיך אײַן. איהר ווייסט: דאָס טײַערסטע, וואָס איך האָב אויף דער גאַנצער וועלט — זענט איהר.

חנה (אָבקעהרענדיג זיך). פאַר וואָס איך?

ענמאַן: ניין, ריכטיג... איך זאָג אײַך דאָס פשוט... מען דאַרף

זיך נישט אָבקערן. איהר הערט מיך?

חנה: איך הער.

ענמאַן: ווי מיר וואָלטען זיין אַרויסגעוואָרפען אויף א וויסטען ברעג און מיר זענען אליין, איינע אליין. און מען דאַרף זיך איינאָרדענען כדי מען זאָל לעבען.

חנה: לעבען...

ענמאַן: אַזוי ווי די ווילדע פייער, אַזוי וועלען מיר ערקלערן פרייד. א פרעהליכען געלעכטער, א רוהיגען שלאָף.

חנה: א רוהיגען שלאָף...

ענמאַן: יע. טרויסט זיך אין מיר. מיט מיר וועט זיין גוט, רוהיג. איהר וועט געפינען א אָברוה.

חנה: איך בין איינגאַנצען מיעד.

ענמאַן. איך וועל נישט אָבטרעטען פון אייך, איך וועל אייך היטען און נישט אַראָבלאָזען דעם אויג. נו, לעגט אַוועק אייער קעפעל... אָט אזוי... גוט...

חנה (לעגט אַוועק, ער נעהמט איהר אַרום). מיעד, מיעד.

ענמאַן: מעהר וועט איהר נישט וויינען? יע.

חנה (פערמאַכענדיג די אויגען, שאָקעלט מיט'ן קאָפּ).

ענמאַן: מיר וועלען אויפהויבען הויך דעם קאָפּ? (חנה שאָקעלט מיט'ן קאָפּ) מיר וועלען זיין פרעהליך, לאַכען ווי פריהער (חנה שאָקעלט מיט'ן קאָפּ). ווי שען זענט איהר איצט.

חנה (מיט וועהמוט). מען דאַרף נישט קוקען אויף מיך. מען דאַרף נישט קוקען.

ענמאַן: פאַר וואָס? איך ליעב אייך (חנה וויל זיך אויפהויבען, ענמאַן האַלט איהר אָב). שטילער. שטילער. מען טאָר נישט. מען דאַרף נישט. צו דען איז דאָס נישט פריהער געזאָגט געוואָרען? ס'וועט נישט ריהרען זיך. איך ליעב אייך. נו, אָט אזוי, רוהיג. איך ליעב אייך. איהר דאַרף אויסהערען די ווערטער פרעהליך, דרייסטיג. אַלץ איינס ווער עס זאָגט זיי. זאָל זיין איך. אַזוי ווי דער וואַרעמער זון, דאַרפט איהר זיי צו שמייכלען. איך אָדער אַנ'אַנדערער—אַלץ איינס. נאָר אייך דאַרף מען ליבען. פאַר וואָס פערמאַכט איהר די אויגען? איהר פערמאַכט ווידער די אויגען.

חנה: איך הער. איך וואַרט.

ענמאַן: וואָס ערוואַרטעט איהר?

חנה: אַז איהר זאָלט רעדען.

ענמאַן: איך ליעב אייך, — אַט האָב איך אַלץ געזאָגט,

חנה: אַלץ?

ענמאַן: ווען ס׳וועלען אַריבערגעהן די דאָזיגע שוואַרצע טעג און אַלץ וועט זיך אָבשטעלען אונטער אונז, וועלען מיר ביידע דער־מאָהנען היינטיגע נאַכט און וועלען זיך דערוויסען, אַז דאָ איז געווען גליק.

חנה: גליק...

ענמאַן: איך האָב אַלץ געזוכט, און דאָס גליק האָט מיך ער־וואַרטעט דאָ, אָט דאָ.

חנה: וואָס־זשע ווילט איהר?

ענמאַן: וואָס וויל איך?

חנה: יע.

ענמאַן: אַז איהר... איהר זאָלט מיך נישט אָבשטויסען.

חנה: יע.

ענמאַן: און זאָלט מיך ליעבען, — נו, נישט אצונד, ווען ס,איז, ווען ס׳איז דערנאָך, אַלץ איינס.

חנה: איך ליעב דיך.

ענמאַן: דו ליעבסט מיך? דו?

חנה: איהר זענט אַ שענער, זעהער אַ שענער און אַ גוטער.

ענמאַן: ניין, איהר האָט פריהער געזאָגט „דו“.

חנה: אַ העפליכער, אַ איידעלער...

ענמאַן: דו ליעבסט...

חנה: (זי פרעגט נישט, נאָר ווי דענקט אין דער הויך). און דו וועסט מיט מיר חתונה האָבען?

ענמאַן (עטוואָס פערוואונדערט). חתונה האָבען? געוויס וועלען מיר פערהייראַטען.

חנה: קורצליך?

ענמאַן: ווען דו ווילסט.

חנה: און מיר וועלען פון דאַנען אוועקפאָהרען?

ענמאַן: אין פעטערבורג.

חנה: אין פעטערבורג. קיינמאָל מעהר נישט אומקעהרען זיך.

ענמאַן: און די אַלטע?

חנה: ניין, מיר וועלען זיך נישט אומקעהרען.

ענגמאן: גוט.

חנה: דא איז שרעק, שרעק.

ענגמאן: גוט, מיר וועלען זיך נישט אומקעהרען.

חנה: ס'וועט זיין שטיל.

ענגמאן: מיר צוזאמען.

חנה: צוזאמען. אומעדום צוזאמען. „ווער איז די דאמע?" „דאס איז מאדאם ענגמאן" „יעקב ענגמאנס פרוי?" „נו, יע, געוויס". אט אזוי וועט מען רעדען.

ענגמאן: מיין פרוי...

חנה: און ווייטער גאר נישט... „זיי ליבען איינער דעם צווייטען. וואס פאר א גליקליך פאר"—וועט מען זאגען.

ענגמאן: געוויס, מיר וועלען זיין א גליקליכע פאר.

חנה: יע. נאר אהער דארף מען זיך נישט צוריק קעהרען. צו וואס? וואס וועלען מיר דא טהון? די אלטע וועלען קומען צו אונז. געהט נישט אוועק.

ענגמאן: איך געה נישט.

חנה: מיר איז גוט. געה נישט אוועק. מיר וועלען אזוי זיצען די גאנצע נאכט. די גאנצע נאכט. ווי גוט, וואס דו ביזט געקומען צו־פאהרען, דו האסט געפיהלט, אז איך ערווארט דיך? דאס הייסט, ערווארט נישט, נאר רוף דיך פון דערווייטענס. מסתמא, האסטו געפיהלט. עס קען זיין, אז מען פיהלט דאס. א מענש ווייס אליין נישט, זעצט זיך אין וואגאן און קומט צו פאהרען, „איהר האט מיך נישט ערווארטעט? וואס מאכט איהר? ניין, איך האב ערווארטעט", אויב דו ליעבסט עמיצען, ערווארטסט דו. ביז אין דערפריה וועלען מיר זיצען שטיל צוזאמען אוןווארטען. און דו... דו וועסט איינשלאפען, דו ווילסט—שלאף איין? איך וועל קוקען, ווי דו שלאפסט. שטיל, זעהר שטיל... קיינער וועט אונז נישט שטערען... אך, מען געהט... (געהט אב שנעל).

## 1.

(עס קומט אריין אהרן, ביי איהם איז א משונה-פערוואונדערטעס געזיכט נאך איהם שרה).

שרה: געהט זיך געזעגנען מיט איהם.

אהרן: ער האט קיין גם נישט געמאכט.

# צווייטער אקט

(די זעלבע דעקאראציע. אין דערפריה. אונארדנונג. די שפיגעל פער־האנגען. אויף דער סצענע געהען ארום פערשידענע מענשען: מענער און פרויען. בשעת די פרויען הערט זיך פון צווייטען צימער א אומערגעגעם לייענען תהלים.)

## 1

(חנה און ענמאן).

ענמאן: עפעס ווי איהר וועלט מיר אויס.

חנה: וואס? ניין.

ענמאן: איך שטער אייך דען? אייער אומגליק איז אויך מיינער, גוזאמען וועלען מיר בעוויינען דעם אומגליקליכען לעאן.

חנה: מיין ברודער.

ענמאן: ער איז געשטארבען ווי א העלד, פאר אנדערע, דאס גאנצע פאלק וועט איהם געדענקען. לאנג וועט בלייבען ביי אונז זיין געדעכעניש און מיר וועלען איהר איבערגעבען אונזערע קינדער. ווען ס'וועט אריבערגעהן דער ערשטער איינדרוק פון אומגליק וועט איהר דער־פיהלען א שטילע טיפע פרייד דערמאהנענדיג זיך, אז ער האט געלעבט דאס מיט אייך.

חנה: איך האב איהם נישט ליעב געהאט.

ענמאן: איהר רעגט זיך אליין אויף.

חנה: מ'זאגט, אז דאס געזיכט פון א געליעבטען מענשען שטעהט שטענדיג פאר די אויגען, ווי א לעבעדיגע, און ס'איז אונמעגליך איהם פערגעסען. ער קומט אפילו צו חלום. אט איך וויל זיך דערמאהנען, וואס פאר א פארב ס'זענען זיינע האאר. איך געדענק נישט. איהר זאגט, ער איז געשטארבען פאר אנדערע — נישט ריכטיג. ער איז געשטארבען פאר מיר.

ענמאן: ווי אזוי?

חנה: איהר ווייסט נישט, און איך ווייס עפעס אנדערש. ער איז ארויס געגאנגען מיך זוכען, און מ'האט איהם פערוואונדעט. ווען נישט איך — וואלט ער לעבען, מיר וואלטען איהם נישט אבגעלאזט. נאר איך, איך אליין בין שולדיג אין זיין טוידט. דאס ווייס קיינער נישט, אויסער... קיינער וועט זיך דערפון נישט דערוויסען. און פונדעסטוועגען איז מיר

נישט קיין רחמנות אויף איהם, ווען מ׳זאָל מיך בעגראָבען צוזאַמען מיט איהם!...

ענמאַן: חנה! וואָס רעדט איהר?

חנה: אַ גוטע כלה האָט איהר... אַ גוטע...!

## 2.

(קומט אַריין שרה).

שרה: ער האָט זיך גאָרנישט פערענדערט, ריכטיג ווי ער שלאָפט. נישטאָ מעהר קיין זוהן. נישטאָ מעהר קיין זוהן. הערר ענמאַן, און איהר האָט מעהר נישט קיין פריינד און דו, חנה, קיין ברודער. וואָס זאָל מען טהון. מ׳דאַרף ליידען, מ׳דאַרף זיך שטאַרקען, איך בין נישט קיין בת-יחידה. גאָט האָט געגעבען, גאָט האָט צוגענומען.

ענמאַן: איך האָב אַלץ איינגעאָרדענט, וואָס מ׳דאַרף. די לויה וועט זיין צוזאַמען מיט די לויות פון די איבעריגע הרוגים פון יודישען שפּיטאָל.

שרה: יע, איהר זענט טאַקי אַ אמת׳ער גוטער פריינד. אַ דאַנק. אין אַ טרויעריגען אופ׳ן דינט איהר אונז איצט. איהם וועט מען מקבר זיין צוזאַמען מיט אַנדערע, און מיר, אונגליקליכע מוטער, וועלען אַלע צוזאַמען געהן אונטען און צוזאַמען וויינען. אַזוי איז שוין ביי אונז פון אייביג: אַ אַלגעמיינע צרה איז אַ צרה פון יעדער בעזונדער, און יעדע פון אונז, ליידענדיג, וויינט פאַר אַלע. נאָר קענען דעם קען מען קיין זאַך נישט טהון. מיר וועלען אַלץ איבערטראָגען, אַלץ ליידען.

## 3.

(עס קומען אַריין אהרן און דער 1-טער יוד).

1-טער יוד: איהר ווילט נישט זאָגען תהלים?

אהרן: ר׳ שמחה, ער מאַכט חוזק פון אונז אַלעמען.

1-טער יוד: ווער מאַכט חוזק?

אהרן: גלויבט מיר, אַז ס׳איז אַזוי. איך האָב געמיינט, אַז מיין „קדיש״ וועט מתפלל זיין אויף מיין קבר, און נישט פערקעהרט. פער-קעהרט בין איך נישט מסכים.

1-טער יוד: אייך וועט זיין גרינגער, אַז איהר וועט אַביסעל דאָס האַרץ אויסגיסען.

אהרן: און ווער האָט דאָס אייך געזאָגט, אַז איך וויל, מיר זאָל זיין גרינגער? איך דאַרף דאָס גאָרנישט האָבען. פערקעהרט, מיין אונגליק

איז אזוי גרויס, אז איך וויל די שטאָלצקייט פון אריבערטראָגען איהם איינגאַנצען. איך וויל נישט קיין נחמה. איך זאָג דאָך אייך: מ׳מאַכט חוזק איבער אונז אלעמען.

1-טער יוד: מיר זענען דען מתפלל נאָר פאַר זיך? אייער זוהן וועט דאָרט זיין ליכטער.

אהרן: איבער איהם זאָגט מען דאָך תהלים נאָך פון ביינאַכט.

1-טער יוד. אז דער פאָטער זאָגט — איז בעסער.

אהרן: איהר מיינט טאַקי, אז דאָרט וועט דאָס באמת מאַכען עפּעס א ווירקונג? דאָרט אינטערעסירט מען זיך אפילו נישט מיט די לעבעדיגע — נאָך ווענינער וועט מען זיך צערעמאָניען מיט די טוידטע.

1-טער יוד: די צרות האָבען אייך געמאַכט פאַר אַנ׳ אפּיקורס, ר׳ אהרן.

אהרן: אַ! הייסט דאָך, אז די צרות ברענגען דאָך עפּעס נוצען, און מ׳דאַרף זיי נישט אזוי שטאַרק אויסווייכען.

1-טער יוד (שרה׳ן). איך וועל בעטען אריינגעהן צו אייך דעם אלטען קלוגען רב ר׳ אליהו.

שרה: ער איז דען היער?

1-טער יוד: ער איז ספּעציעל געקומען צו די לויות פון ווילנאַ. ר׳ אליהו געהט ארום צו אַלעמען און איז זיי מנחם. איך וועל איהם בעטען.

שרה: טהוט טאַקי דאָס, ס׳איז א מצוה. ווען וועלען זיין אלע לויות?

1-טער יוד: צוויי אזייגער. אלע פּאַפּירען זענען שוין ביי אייך אין אָרדנונג?

ענמאַן: אין דערפריה בין איך געוועזען אין פּאָליציי. א ערלויבניש אויף די לויות וועט מען ארויסגעבען אין א שעה ארום. מיר וועלען נאָך אויספּעיען.

1-טער יוד (ארויסגעהענדיג). יע, זיי האָבען זעהר פיעל ארבייט, זעהר פיהל.

שרה: (געהט צו צו אהרנ׳ען מיט א טלית אין האַנד). טהו-אָן דעם טלית און דאַווען.

אהרן: איך וועל שוין קיינמאָהל נישט אָנטהון אויף זיך דעם דאָזיגען טלית. איך קען דאָס מעהר נישט טהון. אויב אין דער ווילטיגסטער מינוט האָט זיך גאָט אָבגעקעהרט פון מיר...

**שרה:** דו זינדיגסט זעהר. גאָט איז געווען מיט דיר דאָס גאַנצע לעבען. ער האָט דיר געגעבען גליק. ער האָט דיר געגעבען צופרידענהייט און אַ רוהיגען עלטער. ער האָט דיר איבערגעלאָזט אַ טאָכטער, וואָס מיט איהר מעג זיך ריהמען אפילו ראָטהשילד'ס פאַמיליע אַליין.

**אהרן:** דו ווייסט, וואָס מ'זאָגט: גוטע פריינד דערקענט מען אין אַן אומגליק... גאָט דאַרף זיין אונזער גוטער פריינד. אויב ער איז געווען מיט מיר שטענדיג נאָר ווען מיר איז געווען גוט, טהוען דאָך דאָס די זעלבע געוועהנליכע מענשען: נאָר ווען ס'איז אַנידערגעפאַלען מיין זוהן, ווען ער איז געלעגען קראַנק, ווען ס'איז געקומען די סאַמע וויכטיגסטע מינוט אין מיין לעבען—האָט ער זיך אָבגעקעהרט פון מיר. דאָס איז אַ גוטער פריינד? אָט אפילו פרעמדע מענשען קומען פון דער ווייט, געוואָהר צו ווערען וואָס מיר מאַכען...

**ענמאַן:** איך בין אייך נישט קיין פרעמדער.

**אהרן:** נו... נו... פונדעסטוועגען וועט אַדורכגעהן נאָך פיעל צייט, איידער איהר וועט מיר קענען פערבייטען מיין זוהן...

**חנה:** ווער ווייס, וואָס ס'קען זיך נאָך טרעפען.

## 4.

(ס'קומט אריין סילקין).

**סילקין:** וואָס מאַכט איהר? נו, ווי געהען די געשעפטען?... (זעהענדיג די אַלגעמיינע אונטערדריקטע שטימונג, ווערט ער שטיל, (פויזע), ווען?

**שרה:** נעכטען ביינאַכט דריי אַ זייגער. דריי אַ זייגער אָהן צעהן מינוט.

**סילקין:** (וויל זיך איבערצלמ'ן, כאַפּט זיך צוריק). ענטשולדיגט (ווישט דעם שטערן) יע. אַ היסטאָריע.

**שרה:** ער איז זיך שטיל איינגעשלאָפען, העֶרר סילקין. און מיר האָבען לכתחלה אפילו נישט בעמערקט. מיר האָבען געמיינט, אַז ער שלאָפט. פלוצלונג בויג איך זיך איין און זעה: נישטאָ קיין אָטהעם.

**סילקין:** יע, איך בין זיך מודה, איך האָב דאָס נישט ערוואַרטעט. אַ וואוילער יונג געוועזען, אַ גוטער יונג.

**אהרן:** אָט איז אַ גאַסט געקומען צופאָהרען — זיינער אַ גוטער פריינד פון פעטערבורג, ער האָט איהם אפילו נישט געזעהן לעבעדיגערהייד.

**שרה:** (ענמאַנ'ען). דער העֶרר איז געווען אַזוי גוט און זיך צוגענומען פאַר אונז. אָהן איהם וואָלטען מיר...

סילקין: וואס איז פאר א המצאות? ליעגט א קראנקער אין שטוב, און דא איז אזא טומעל, געדודער... איך האב זיי דורכגעטריבען. א פערוואונדעטער דארף האבען רוהע. וואס זענען דאס פאר המצאות! איהר רויכערט?

ענמאן: ניין, א דאנק.

סילקין: די פאפיראסען זענען איינענע, היימישע. א אומעט. זיצסט א גאנצען אבענד, און... (ווערט ענטשוויגען, דערשאהענדיג זיך). די לויה היינט?

שרה: יע, צוזאמען מיט די איבעריגע?

סילקין: די וואונדען זענען באמת נישט קיין שטערבליכע. איך רעכען, אז פיעל האט געשאדט דאס, וואס ער האט שטענדיג געגערווירט, אלץ געריסען זיך אין פעטערבורג. וואס, ס'האט זיך אפשר עפעס געטראפען, אנ' ענטציגדונג? (ענמאנ'ען) און וואס, אין פעטערבורג איז פרעהליך?

שרה: דאקטאר איינשטיין זאגט אויך, אז ס'איז נישט קיין שטערבליכער וואונד. נאר מיר, יודען, האבען דאך א בעזונדער גליק.

סילקין: איינשטיין איז א גוטער דאקטאר. פערשטעהט. א גוטער. וואס-ער אונגליקליך פאלק איהר זענט, פראסט א וואונדער (ענמאנ'ען). א שרעקליכער אומעט פאלט אן ביי אונז אין שטאדט, ס'א מיאוסע שטאדט. ענטשולדיגט...

## 5.

(קומט אריין דער רב רבי אליהו, דער 1-טער יוד און דער 2-טער יוד. אלע שטעהען אויף. סילקין, בעקלערענדיג זיך, שטעהט אויך אויף).

שרה: א דאנק אייך, רבי, וואס איהר זענט געקומען צו אונז, אין הויז פון טרויער.

ר' אליהו: איך קום איצט פון א הויז, וואו דער טרויער איז טיעפער פאר אייערן. ביי'ן זייגער-מאכער גאלדבלאט איז היינט ביינאכט די עלטערע טאכטער בעגאנגען א זעלבסט-מארד און איז געשטארבען.

חנה: דארא גאלדבלאט האט זיך אויפגעהאנגען?

1-טער יוד: פון איהר האט זיך ענטזאגט דער חתן.

2-טער יוד: איהם קען מען אויך נישט בעשולדיגען...ס'פערשטעהט זיך... ווי האט מען געקאנט מיט איהר חתונה האבען?

אהרן: ר' אליהו, צו דען קען מען דעם טרויער א"סמעסטען

מיט אַ מאָס און אַ צאָהל? ווען איך וואָלט האָבען דריי זיהן און איך וואָלט זיי אַלעמען דריי פערלירען איינעם נאָכ׳ן אַנדערען — וואָלט מיין אומגליק נישט ווערען שטאַרקער, גרעסער.

1-טער יוד: ער וויל נישט מתפּלל זיין, רבי אליהו.

2-טער יוד: אַלץ וועט אַריבערגעהן, אַלץ וועט זיך בערוהיגען... מ׳דאַרף נאָר אונטערוואַרטען.

אהרן: איך וויל נאָר וויסען: פאַר וואָס?

ר׳ אליהו (שטאַרק). איהר זענט אַ חוצפּה׳דיגער מענש און נישט קיין קלוגער יוד.

אהרן (אויך שטאַרק). נישט איך האָב דאָס געפרעגט. נישט איך, אַ נאָר אָט זי, מיין אַלטע. זי האָט דאָס גאַנצע לעבען געליטען און קיינמאָהל קיין פרייד נישט געוואוסט. איינמאָהל אָבער, נאָר איין מאָהל האָט זי אויפגעהויבען איהר שטימע און געפרעגט: „פאַר וואָס?” איך האָב מתפּלל געווען, איך האָב די גאַנצע צייט מתפּלל געווען. נאָר דאָ האָב איך אויפגעהערט מתפּלל צו זיין און אָנגעהויבען צו וואַרטען: זי וועט בעקומען אַן ענטפער צו ניין? און אָט איז דער ענטפער: ער ליגט דאָרט אויפ׳ן פּאָל. האָט פערגעניגען, מ׳האָט איהר געענטפערט.

שרה: מסתמא האָב איך נישט בעדאַרפט פרעגען.

ר׳ אליהו (ווייכער). איהר זענט אַ אַלט קינד, רב אהרן.

2-טער יוד: אַלץ וועט זיך איינאָרדענען. מאַלע וואָס ס׳טרעפט זיך.

אהרן: ביז וואַנען מ׳וועט מיר נישט ענטפערען, וועל איך נישט מתפּלל זיין.

ר׳ אליהו: איהר זענט אַ אַלט איינגעשפּאַרט קינד. איהר פרעגט צופיעל איינגעשפּאַרט — זייט נאָר פאָרזיכטיג. עס קען זיין, איהר וועט טאַקע בעקומען אַן ענטפער.

2-טער יוד (דעם ערשטען). איהר הערט, וואָס ער זאָגט?

1-טער יוד: ער זאָגט נביאות.

אהרן: אמן. אַזוי זאָל זיין.

ר׳ אליהו: איך האָב מעהר פאַר אייך געלעבט אויף דער וועלט, מעהר געזעהן און מעהר נסיונות בייגעשטאַנען. ס׳זענען פאַרהאַן גאַנצע פעלקער, וואָס תיכף פון ווינעל וואַרטען שוין אויף זיי צרות און יסורים. אַ זוהן פון אַזאַ פאָלק, געבוירענדיג ווערען אויף דער וועלט, דאַרף שוין זיין גרייט צו דעם, אַז איהם ערוואַרטעט אומגליק. אויב ער האָט אַ הויז, קען איהם רער פייער פערברענען. אויב ער האָט רייכקייט,

חפצים, קען ער יעדע מינוט אנ׳אָרימאן ווערען. איב ער האָט קינדער — וועט ער זיי פערלירען. אזוי קומט שוין פאר מיט אונז פיעל הונדערטער יאָהרען. און אויב מיט עמיצען פון אונז קומט דאָס נישט פאָר, איז דאָס נאָר א גליקליכער צופאַל.

אהרן: פאַר וואָס-זשע איז דאָס אַזוי?

ר׳ אליהו: די יודען זענען דאָס סאַמע עלטסטע פאָלק. דאָס איז די גראָה האָאר פון דער מענשהייט. די צייט מאַכט טייער נישט נאָר אויך מענשען, אויך גאַנצע פעלקער, שטאַמען. מיר זענען די אַלטע מתנה בײַ׳ן טראָהן.

אהרן: אַ! בײַ זיין טראָהן!

ר׳ אליהו: און דאָרט, וואו ס׳ווערען אַרײַנגעטיילט די אומגליקען, זענען מיר שטענדיג די ערשטע. זיין אומגליקליך — דאָס איז אַ הויכע עהרען-פּפליכט, און דאָס יונגוואַרג — די יונגע פעלקער, האָבען דאָס נאָך נישט פערדינט. אויב אין פאַמיליע וועט פאָרקומען עפּעס זעהר ווייכטיגעס, וועט איהר דאָך שיקען אײַנאָרדנען די זאַך דעם קלינגסטען, פלײַסיגסטען, און ניט דעם נאַרישסטען און פוילען.

2-יוד. הערט, וואָס ער רעדט.

ר׳ אליהו: דאָס יודיש פאָלק איז אַ אויסדער-וועהלט פאָלק. וואָס בעדײַט דאָס? דאָס הייסט, ווען ס׳חמאַרעט זיך דער הימעל, דאַרפען מיר די ערשטע צוזעהמען דעם בליץ, אַרויפנעהמען דעם צאָרן אויף זיך און אופ׳ן חלק פון אַנדערע זאָל אויסקומען זעהר וועניג. צי דאָס איז נישט קיין גרויסער כּבוד?

1-טער יוד: ס׳איז זעהר אַ ביטערער כּבוד.

ר׳ אליהו: יע, נאָר דערפאַר זענען מיר נאָהנטער צום טראָהן ווי אַנדערע.

אהרן: ר׳ אליהו, איהר פערגעסט, אַז שטאַרקער פון גאָט שלאָגען אונז מענשען. אָי, ווי זיי שלאָגען אונז! אָהן רחמנות, אָהן באַרמהערציגקייט. מיר לײַדען פון בײדע זײַטען — פון דער הויך און פון אונטען. און פון אונטען פיעל שטאַרקער, ווײַל דאָס זענען דאָך פונדעסטוועגען אײַגענע — אַלץ אונזערע ברידער. שרעקליך צו לעבען, ר׳ אליהו.

ר׳ אליהו: יעדעס מאָהל...

2-טער יוד: ער האָט געזאָגט ריכטיג. ער איז גערעכט.

1-טער יוד: שטילער, לאָזט רעדען.

ר׳ אליהו: יעדעס מאָהל, ווען מענשען הויבען זיך אָן צו קריגען

מיט גאָט, שרייַען צו איהם אָדער פאָדערן פון איהם, שטעלט זיך אויף זייער וועג דאָס יודענטום, דער אַלטער שטאַם — די אַלטע מחנה אַרום דעם אייביגען טראָהן. ווען מ'בעפאַלט עמיצענס הויז, לייַדען קודם־כל די אַלטע דינער. זיי נעהמען צו די ערשטע קלעפּ, אַלס טרייַע דינער. אַזוי איז געוועזען פון אייביג, און אַזוי וועט פערבלייַבען אויף אייביג. אַ לאַנגער וועג שטעהט פאַר דער מענשהייַט, און נאָך פיעל יודיש בלוט וועט פערגאָסען ווערען.

אהרן: דאָס איז אַ אונגערעכטיגקייַט.

ר׳ אליהו: אָבער דאָס איז אַ כבוד! ווייסט, ר׳ אהרן, אַז דאָרט וואו ס'פערגיעסט זיך דאָס בלוט פון אַלטען פאָלק, — דאָרט ווערט געבוירען די אַלגעמיין־מענשליכע פרייַהייַט, דאָרט ווערט פערזייעט נייַעס פאַר אַלעמען. אַ! מענשליך בלוט, אַזוי ווי קאָסטבאַרע ווייַן, איז צוגאָסען איבער'ן קערפּער פון מענשען, אַזוי ווי אין כלים. דאָס בלוט, אַזוי ווי ווייַן, ווי עלטער דאָס איז — ווערט דאָס אַלץ טייַערער, אַלץ קאָסטבאַרער. ווען איהר טראָגט אַרויס פון קעלער אַ מיט מאָך פערוואַקסענע פלאַש אַלטען, הונדערט־יעהריגען ווייַן און אומגערן צוברעכט איהר די פלאַש, פערפולט זיך די לופט מיט אַ זעלטענעם בשמים ריח. נו, און ווען איהר צוברעכט אַ כלי, אין וועלכער ס'איז געוועזען אַ נאָך מעהר טייַערע פליסיגע זאַך...

שרה: צוברעכען די כלי! צוברעכען!

ר׳ אליהו: טייַערס, גאָלדענס בלוט, — צי קען דאָס אַ דורכגעהן אַזוי, אָהן קיינע פאָלגען? דער גייַסט, וואָס האָט זיך אַרויסגעריסען פון דער פינסטערער געפענגעניש, טראָגט זיך אין דער לופטען און וועט זיך ערגעץ־וואו אַראָבלאָזען, ווי אַ פויגעל אויף אַ אונבעוואוסטען ערד־טייל. וואו — אַלץ איינס. פון די יודישע בת־עלמנ'ס ווערט געבוירען דער פרייַהייַטס־גייַסט. אין דעם איז אונזער אונגליק, נאָר אויך אונזער טיעפעס, טרויעריגעס גליק. איך געה אַוועק, רב אהרן. מען ערוואַרט מיך אין אַנדערע פאַמיליעס. דאַוועגט. זייַט געזונד! (געהט אַרויס; דער 1־טער און 2־טער יוד מיט אַכטונג נאָך איהם).

ענטאַן (חנה'ן). וואָס איז מיט אייַך.

חנה: דאָרט גאָלדבלאַט האָט זיך אויפגעהאָנגען.

שרה: איך הער דאָס ערשטע מאָהל דעם רב ר׳ אליהו.

סילקין: גאָלדבלאַט... דאָס איז דיזעלבע... וועלכע... אַ געשיכטע ווייל איך אייַך דערצעהלען.

ענמאַן: איך פערשטעה איצט. איך פערשטעה אלץ (געהט אָב אין גרויסער אויפרעגונג).

שרה: וואָס־זשע האָט זי געוואָלט טהון?

חנה: דער חתן האָט זיך הערוואוסט, און ער האָט נישט געדאַרפט וויסען. דאָס איז אלץ. קיינער דאַרף נישט וויסען. דאָס איז די זאך.

אהרן: גוט. אָבער וואו־זשע איז מיין זוהן? ער איז אַ קלוגער זקן, דער רב ר׳ אליהו, זאָל ער מיר אָבער אומקעהרען מיין זוהן. זאָל ער אומקעהרען דעם זוהן, וועל איך גלויבען דעם רב. וואָס? צובּרעכען די כּלי מיט׳ן טייערען וויין — האָט דאָס עפּעס אַ זינען? נו יע, אויסגעגאָסענע וויין פיעלט־אָן די וואָהנונג מיט אַ גוטען ריח. אָבער איך פרעג: צו וואָס דאַרף מען איהם אויסגיסען? ר׳ אליהו געפינט תירוצים צו דעם, וואָס איז שוין פאָרגעקומען, אָבער צו וואָס איז דאָס לכתחלה פאָרגעקומען? צו וואָס? זאָל ער ענטפערן אויף דעם. ער איז מיך מנחם: דאָס וועט אַלץ זיין דאָרט, ווען־ס׳איז, אין ווייטען צוקונפט. נאָר שוין אַזוי פיעל דורות און אויף אונזערע קעפּ שיטען זיך אומגליקען. און מ׳זאָגט אונז אלץ: ווייטער וועט זיין בעסער, ווייטער וועט זיין בעסער. ווען־זשע? ווען? איך גלויב נישט אין דעם. ווען אין דעם. וועמען איז דאָס נוצליך, אַז מיין איינציגער זוהן זאָל ליגען דאָרט, אויפ׳ן שטרוי? אַז ער זאָל שטאַרבען כמעט אין מיינע אויגען?... ניין, איך וועל נישט דאַווענען.

## 6.

(קומט אַריין אַ מענש - חנה, דערזעהענדיג איהם, שטעלט זיך אָב, ווערט בלאַס, קוקט איהם, נישט אַראָבנעמענדיג די אויגען, אינ׳ם געזיכט).

דער מענש: דאָ וואָהנט שיפער? מ׳פרעגט וועגען דער קבורה.

ענמאַן: דאָ, וואָס איז דען?

מענש (דערזעהענדיג סילקינ׳ען, נעהמט אַראָב דאָס היטעל). מ׳בעט איהם באַלד קומען אַליין.

אהרן: איך קען ערגעץ נישט געהן (געהט אַוועק).

שרה: וואָס איז?

ענמאַן: עפּעס אַ פאָרמאַליטעט מיט די פּאַפּיערען.

מענש: איך ווייס נישט. אַ נאָר באַלד קומען. איהר זענט זיין פרוי?

שרה: איך געה (טהוט אָן אַ טוך).

מענש (חנה׳ן). וואָס איז אַזוינס? וואָס קוקט איהר?

חנה: דערקענסט נישט?

מענש: וואו, פון וואַנען? קיינמאָל נישט געזעהן (קעהרט זיך אום).

חנה: אויף שאָסיי־גאַס... דו... דו...

מענש: (פלוצלונג, גראָב). וואָס, אויף שאָסיי־גאַס? איך ווייס פון קיין זאך נישט. איהר טשעפּעט זיך (שרה׳ן). נו, וואָס, איהר געהט? איך וועל אייך בעגלייטען... מ׳וואַרט (געהט אַוועק מיט שרה׳ן).

חנה: ער...

ענמאן: ביי אייך איז עפּעס פאָרגעקומען מיט איהם. ער האָט אייך בעליידיגט? וואוהין געהט איהר אַוועק?

סילקין: איהר וועט פאַלען. זי פאַלט.

חנה: ער... געהט נישט נאָך מיר, איך בעט אייך—געהט נישט נאָך מיר (געהט אַרויס).

סילקין: אַ אומגליקליך פאָלק זענט איהר, עהרען־וואָרט. וואו זעהט מען דאָס? פּשוט אָהן אַ סוף.

ענמאן: צו דען האָט איהר אַצונד נאָר בעמערקט אונזערע טרעהרען? מיר וואָהנען זייט־ביי־זייט מיט אייך אַזוי פיעל הונדערטער יאָהרען, און ריכטיג ווי אַ וואַנד פון שטיינער וואָלט זיין צווישען אונז...

סילקין: איהר פערדעקט אַלץ, בעהאַלט זיך, גאָט ווייס אייך.

ענמאן: צו וואָס זאָל מען שרייען וועגען די צרות. אַלץ איינס וועט קיינער נישט דערהערען. און אויב מ׳וועט דערהער׳ען, וועט מען פערבייגעהן.

סילקין: אַ אומגליקליך פאָלק.

7.

(חנה, קומט אַריין אין טהיר).

חנה: און וואָס האָט ער געזאָגט?

ענמאן: ווער?

חנה: ער... דערזועלבער, וואָס איז נאָר וואָס געווען.

ענמאן: מ׳דאַרף לעאָנ׳ס דאָקומענטען.

חנה: ווייטער גאָר נישט?

סילקין: ניין.

ענמאן: פאַר וואָס אינטערעסירט ער אייך אַזוי שטאַרק?

חנה: וואו איז דער פאָטער... אַח, יע, אַ בריעף...

ענמאן: אַ בריעף?

חנה: איצט קען איך שוין וועגען דעם רעדען... כ׳האָב פער־

געסען. לעצן האט מיר פאר'ן טוירט איבערגעגעבען א בריעף...

ענגמאן: וואו איז ער?

חנה: כ'האב איהם בעהאלטען. ער וועט נאך קומען?

ענגמאן: כ'ווייס נישט... ניין...

חנה: (פלוצלונג). דו קענסט מיך אוועקפיהרען פון דאנען תיכף, דיזעלבע מינוט? אז אלץ, וואס איז געווען, זאל זיך אבשטעלען פון אונטען. לאמיר אוועקפאהרען, אוועקפאהרען פון דאנען.

ענגמאן: וואוהין־זשע זאלען מיר אוועקפאהרען?

## 8.

(1-טער יוד קומט אריין).

1-טער יוד: נו וואס? מ'דארף באלד ארויסטראגען (הנה געהט ארויס).

ענגמאן: מיר האבען נאך נישט קיין ערלויבניש פון דער פאליציי צו מאכען די לויה.

1-טער יוד: איך זאג דאך אייך. זיי האבען היינט זעהר פיעל ארבייט.

ענגמאן: די פראצעסיע וועט זיך באלד אנהויבען?

1-טער יוד: באלד. איך וועל זאגען דער חברה קדישא. די דאקומענטען וועט מען דערנאך אבנעהמען (געהט ארויס).

סילקין: נו, איך געה. וואס־זשע וועט זיין? איז אין פעטערבורג, זאגט איהר, פרעהליך? איהר וואלט חאטש אריינגעהן צו מיר אביסעל פלוידערן. איך וועל אייך שפילען אויף דער פיאנינא. אליין אויסגעלערנט זיך, שפיל אהן נאטען. שפעט. איהר וועט אריינגעהן?

ענגמאן: גוט.

סילקין: קומט אריין. איך וואהן נישט וואייט, אנטקעגען. דא אין שטאדט אינטערעסירט זיך קיינער נישט מיט מוזיק. לעב אין אזא שטאדט (געהט ארויס שטיל, אויף די שפיץ פינגער).

## 9.

(קומט אריין חנה מיט'ן בריעף).

ענגמאן: וואס שרייבט ער?

חנה: כ'פערשטעה נישט (דערלאנגט דעם בריעף).

ענמאַן (לייענט) משונה'דיג.

חנה: ער האָט געבעטען דורכלייענען נאָך נאָך זיין טוידט.

ענמאַן: כ'פערשטעה נישט. וואהנזיניג...

חנה: יע... איך ווייס נישט (פויזע)... איך וויל אייך עפעס דער-צעהלען.

ענמאַן: ווענען מענש, וואָס איז דאָ אָקאָרשט געווען.

חנה (שנעל). פון וואַנען נעהמט איהר דאָס? יע, ווענען איהם. איך קען נישט. איך מוז אייך דערצעהלען. איך מוז...

ענמאַן: דערנאָך. אַנ' אַנדערש מאָהל.

חנה: דערנאָך וועט זיין צו שפעט.

ענמאַן: טהוט אַ קוק אויף זיך. איהר זענט קראַנק.

חנה: ניין, איך וועל דערצעהלען.

ענמאַן: איך וויל קיין זאַך נישט וויסען. קיין זאַך.

חנה: איהר פערשטעהט שוין אַליין?

ענמאַן: איך פערשטעה קיין זאַך נישט, נאָר — אַנ' אַנדערש מאָהל.

חנה: איך קען נישט מעהר. פערשטעהט, איך קען מעהר נישט שווייגען. מיך שטיקט. פאַר וואָס ווילט איהר נישט אויסהערען? מיר וועט ווערען לייכטער.

ענמאַן: און מיר?

חנה: אויך.

ענמאַן: אויך? דערצעהלט.

חנה: יעקב, איהר ווייסט, ווער איז דער מאַן!

ענמאַן: (צודעקענדיג זיין געזיכט, אָבקעהרענדיג זיך). וועלכער?

חנה: וואָס איז דאָ געווען.

ענמאַן: ווער?

חנה: יעקב, יעקב, יעקב, — דאָס איז מיין מאַן... דאָס איז מיין — „געליעבטער"... איך ווייס נישט, ווי צוזאָגען. אַ מאַן, נאָר מיר האָבען נישט חתונה געהאַט. איהר פערשטעהט? איהר פערשטעהט? פערשטעהט איהר מיך?

ענמאַן: אַ מאָרנע זאַך. די גאַנצע צייט איז דאָס ביי מיר אין קאָפּ. אַ מאָרנע זאַך.

חנה: אָט האָב איך דערצעהלט.

ענמאַן נאָך נעכטען: איז דער געדאַנק א דורכגעפלויגען בײַ מיר אין קאָפּ. דאָראַ גאָלדבלאַט.

חנה: יע (פּויזע). דערצעהלט. איצט ווייסט איהר אַלץ. ענטשולדיגט. כ'האָב געוואָלט דאָס פערבאָרגען. ווער ווייס? קיינער נישט. כ'בין ווי אַלע פרײַלינס. קיינער נישט, איך בין ווי אַלע. און פּלוצלונג געהט ער אַרײַן, ער געהט אַרײַן. איצט ווייסט איהר אַלץ. נו, וואָס שווײַגט איהר? נו, שלאָגט מיך.

ענמאַן: איך קען אײַך נישט הערען.

חנה: געהט אַוועק פון מיר. ענטלויפט. כ'האָב אײַך געוואָלט אָבנאַרען. כ'בין אַ נידריגע, געמיינע. געהט אַוועק.

ענמאַן: צו וואָס, צו וואָס רעדט איהר דאָס? נאָך מעהר וועל איך ווערען צוגעבונדען צו אײַך. נאָך טײַערער זענט איהר מיר געוואָרען.

חנה: כ'האָב געוואָלט לייקענען. אָבער אפילו קיין איין מינוט האָב איך נישט געקענט פאַרגעסען. דאָס זיצט אין מיר, שטענדיג אין מיר. איצט, קען זײַן, וועט ווערען גרינגער... אינגאַנצען גרינג.

ענמאַן: איך וועל אײַך נישט אָבלאָזען, שוועסטער מײַנע, מײַן אונגליקליכע חנה, נישט ריכטיג וואָס איהר האָט דערצעהלט. ס'האָט זיך אײַך געחלומ'ט. ס'איז א שלעכטער חלום.

חנה: אַח, ווען דאָס זאָל זײַן נאָר אַ חלום.

ענמאַן: וואָס האָט זיך דען געטראָפען? גאָר נישט. נאָך נײַע טרעהרען זענען געפאַלען—אָט און נישט מעהר. ריינע טרעהרען, ווי פּערל. טרעהרען פון אַגעפּײַניגטער יודישער טאָכטער. קיין זאַך איז נישט פאָרגעקומען. נאָך טײַערער זענט איהר אונז אַלעמען געוואָרען. קוקט, ווי איבער'ן קערפּער פון דאָראַ גאָלדבלאַט ווײַנען אפילו פרעמדע. ווי מיר וואָלטען פערלירען די טײַערסטע, די געליבסטע טאָכטער אונזערע.

חנה: נאָך איינע איז איבערגעבליבען.

ענמאַן: נישט איינע אוי; נישט נאָר איינע. זיי אַלע זענען געקומען פון אַנדערע צום האַרצען פון פאָלק, חנה! איך וועל קושען אײַער קלייד...

חנה: פאַר וואָס נעהנטער?

ענמאַן: ווײַל מ'וועט דערפיהלען אין אײַך די לײַדען פון אונז אַלעמען, פונ'ם גאַנצען פאָלק. נישט איהר ווײַנט און פערבעהאַלט שטאָלץ אײַערע טרעהרען—די אומגליקליכע ערד קרעכצט: זי איז געשענדעט, זי איז צוריסען.

חנה: געשענדעט שטעה איך דאָ.

ענמאַן: צי דען זענען יסורים נישט קיין עהרע? ברכות וועט מען

שיקען אייך, אויף אייער קאפ. אונבעוואוסט וואו—נאט ווייס אין וואסערע ווינקעלעך—וועט מען זאגען: אט וואס ס'איז פארגעקומען מיט די שענסטע און בעסטע טעכטער פון אונזער פאלק. און אויפ'ן אנדערן עק וועלט—נאט ווייס וואו— וועלען פרומע זקנים מתפלל זיין פאר אייך, חנה.

חנה: מתפלל זיין פאר מיך? פאר מיך?

ענמאן: אויף א בלוטיגען שטיין האט מען אייך אוועקגעלייגט, שעהן קינד אונזערס, אונזער איידעלער בלום... בלומעלע אונזערס.

חנה: וואס בין איך? א שטויב. ווער בעמערקט מיך? אזויפיעל אומגליקען, אזויפיעל צרות. וואס איז דערין, אויב דאס איז פארגעקומען מיט מיר! איך לייד. איך לייד אליין, איך בעהאלט זיך. זאל נאר דער פאטער נישט געוואהר ווערען. ליבער פאטער, אזא וואוילער, אזא אומגליקליכער. אח, פאר וואס האט דאס איהם געטראפען? זאל ער נאר נישט געוואהר ווערען. אזא שטילער, קיינעם קיינמאהל נישט בעליידיגט. איהר קענט איהם נישט, יעקב,

ענמאן: צו וואס דארף ער וויסען? מ'דארף נישט.

חנה: איך אליין. איך אליין. איהר דארפט אויך פערגעסען.

ענמאן: איך האב פערגעסען.

חנה: נו, יע. געוויס. מ'דארף נישט (ענמאן שטרעקט איהר אויס די האנד) געוויס (זי דערלאנגט איהם די האנד). איך וועל זיך ווי עס איז בערוהיגען גארנישט...

ענמאן: איהר האט נישט פערשטאנען.

חנה: וואס האב איך נישט פערשטאנען?

ענמאן: (נישט ארויסלאזענדיג די האנד). איך אייער האנד...

חנה: מיין האנד... צו וואס... (פלוצלונג פערשטעהענדיג, האקט איבער ערשראקען) ניין. ניין (שרייט). ניין!

ענמאן: איהר האט מיר נעכטען געגעבען דאס ווארט.

חנה: יע, נעכטען.

ענמאן: וואס-זשע איז פארגעקומען? איך ווייס נישט, וואס איז פארגעקומען?

חנה: ניין, איך קען נישט, יעקב. איהר זענט א גוטער— אזא גוטער, אז איך קען נישט.

ענמאן: איך וועל נישט אבטרעטען, איך וועל נישט אבטרעטען פון אייך. איך וועל מיט געדולד ווארטען, ביז וואנען איהר וועט זאגען.

איך וועל רעכענען: ס׳קען זיין מארגען, ס׳קען זיין אין א חודש ארום אדער אין א יאהר! נאר איך וועל נישט אוועקגעהן. וואוהין זאל איך געהן? איך בין דא, וואו ס׳איז מיין גליק, מיין גאנץ לעבען. וואוהין זאל איך געהן?

חנה: ס׳קען זיין איהר זאגט נאר אזוי, מיך נישט צו בעליידיגען.

ענמאן: מיט מיין גאנצער זעעלע בין איך מיט אייך. ס׳איז נישטא קיינער, וואס זאל זיין טייערער פאר אייך. שטרעקט נאר אויס אייער האנד הויבט נאר אויף די אויגען אויף מיך.

חנה: טהוט דאס נישט. איך בעט אייך.

ענמאן: פאר וואס? איך בין מיט אייך.

חנה: טהוט דאס נישט. דאס איז אונמעגליך.

ענמאן: פאר וואס?

חנה: אזא גוטער. איך ליעב אייך נישט... (דריקט זיינע הענד, לעגט=צו צו זיך איהר געזיכט). איך ליעב אייך נישט... אזא פיינער, מיר ווילט זיך קושען אייערע הענד (קושט).

ענמאן: וואס טהוט איהר?

חנה: פונדעסטוועגען ליעב איך אייך נישט. נעכטען האט איך בכיון געזאגט. איך ליעב אייך נישט. ניין: בכיון, אום איהר זאלט חתונה האבען, אזוי האב איך אויסגעקלערט...

ענמאן: איך וועל ווארטען.

חנה: וויפיעל=זשע ווארטען? וואס ווארטען? ביז איך וועל פער־געסען די נאכט אויף שאסיי=גאס. וויפיעל=זשע ווארטען?

ענמאן: איך וועל אלץ ווארטען.

חנה: איך וועל קיינמאהל נישט קלערען, אז איהר האט זיך גע־פיהרט נישט איידעל און ארענטליך. ענטזאגט זיך. נעהמט צוריק דאס ווארט. דאס איז דאך שטארקער פון אלץ.

## 10.

(אהרן קומט אריין, שטעלט זיך אב גלייכגילטיג, דערנאך הויבט ער אן אײנצוהערען זיך).

חנה: פאר אונזערע וועלען מיר זיך ווייזען, ווי איך וואלט אייך ענטזאגט. עס קען זיין, איהר האט מורא, איך זאל נישט טהון, וואס דארא גאלבלאט האט געטהון? ניין, דאס וועט נישט זיין. ס׳וועט נישט זיין, בערוהיגט זיך.

אהרן: דארא גאלדבלאט?

חנה: געהערט, דו האסט געהערט?

אהרן: ס'האט זיך עפעס געטראפען מיט דיר. דערצעהל, זאל ער דארט דערהערען אויך דאס!

חנה: זאל ער דערהערען, פאטער, רעד אב יעקב'ן, ער וויל מיט מיר חתונה־האבען. רעד איהם אב דאס נישט צוטהון.

אהרן: פאר וואס טאר מען מיט דיר נישט חתונה האבען?

חנה: ווייל איך בין, ווי דארא גאלדבלאט... און מיט אזעלכע האט מען נישט חתונה. איך האב פאר אייך אלע געליינט, פערבעהאלטען. איך בין דאן געוועזען נישט ביי מיין פריינד. אויף שאסיי־גאס איז מען בעפאלען ביינאכט. איך האב זיך געוואלט אויפהענגען. מיט מיר טאר מען נישט חתונה האבען (קוים איינהאלטענדיג זיך), דער'הרג'ע מיך!

(אונטער דער סצענע — די לויה־פראצעסיע. ס'הערט זיך א קלאנג פון מטבעות אין א בלעכערנער פושקע).

אהרן: (פאלט צו צו איהר מיט א־יאמער). טאכטער מיינע, מיין שענע טאכטער (קושט אויפ'ן פאל איהר קלייד). מיין ריינע מיידעלע. מיין ברילויאנט.

חנה (חליפעט). וואס האבען זיי מיט מיר געטהון! פאר וואס? פאר וואס? (נעהמט ארום מיט די הענד דאס געזיכט פון פאטער, אזוי ווי א קינד).

אהרן: דו הערסט? ווידער די פראגע; פאר וואס? אדער דו ווענסט זיך ווידער מאכען פאר א טויבען? איך גלויב נישט דיין שווייגען. דאס צווייטע מאל פרעגט מען דיך, און ווידער נישט איך. און ווידער א פרוי, נו, ענטפער־זשע. דו מוזט ענטפערן. אלץ די זעלבע קורצע פראגע, זי איז ביי אלעמען אויפ'ן צונג. און מ'האט נאך געוואלט, אז איך זאל מתפלל זיין, איהם דאנקען. געגוג! איך בין שוין מיעד צו האלטען מיין קאפ איינגעבויגען. וואס האסטו געטהון מיט מיינע קינדער? גיעב א'ענטפער!

## 11.

(ס' קומען ארויין ידען. א טומעל).

1־טער יוד: ס'איז שוין צייט, ר' אהרן, שוין צייט.

2־טער יוד: די פראצעסיע האט זיך שוין אנגעהויבען.

(געהען אין צווייטען צימער).

## 12.

(שרה קומט אריין).

שרה: מ'טאר נישט, מ'טאר איהם נישט מקבר זיין.

פארהאנג.

# דריטער אקט.

דער וועלבער צימער. עס ווערט אבענד.

## 1

שרה און דער 1־טער יוד.

**שרה:** (זיצט, דערשלאגען, אויף א נידריג בענקעל, ווישט די טרעהרען, וועלכע פליסען כמעט אומגערן). אלע האבען זיך מיט אמאל פון אונז אבגעקעהרט. א דאנק אייך, וואס איהר זענט ארייגעקומען.

**1־טער יוד:** פאר וואס־זשע זאל מען נישט אריינגעהן צו ארענטליכע יודען. צי דען זענט איהר דערפון ערגער געווארען?

**שרה:** פאר וואס־זשע האבען אלע, אלע אונז פערלאזען?

**1־טער יוד:** איהר זענט געווארען נאך מעהר אומגליקליך, אבער נישט ערגער זענט איהר געווארען (מיט א נידריגער שטים). נו, און ווי איז מיט'ן אלטען?

**שרה:** ער האט זיך פערשלאסען. ווי נאר ער איז געוואהר געווארען, איז ער אוועק צו זיך.

**1־טער יוד.** און ביז איצט איז ער נישט ארויסגעגאנגען?

**שרה:** ניין... איך האב זיך אבגעשטעלט אינגאנצען אליין...

**1־טער יוד:** און די טאכטער אייערע?

**שרה:** זי איז אוועק אויפ'ן בית־עולם צוזאמען מיט ענמאנ'ען און מיט'ן אפיצער. איך בין אליין אין גאנצען הויז.

**1־טער יוד:** אויף וועלכען בית־עולם? אויף אונזערען?

**שרה:** ניין, אויף זייערן.

**1־טער יוד:** און ס'איז געווען א גלח? אי־אי־אי. נישט גוט, עס קען זיין, איהר זיצט אזוי, ווי איהר וואלט בעוויינען א יוד.

**שרה:** כ'ווייס נישט, ס'קען זיין, איך טהו נישט גוט. נאר גאט וועט מיר מוחל זיין. איך בעוויין מיין זוהן, און אויב מ'האט איהם מקבר געווען נישט אויפ'ן יודישען בית־עולם צוזאמען מיט אנדערע, ליידט איך דען דערפון ווייניגער?

**1־טער יוד** מ'זאגט, ביי אונז אויפ'ן בית־הקברות איז געווען א עולם מעהר פון צוואנציג טויזענד. די גאנצע שטאדט איז דארט געווען

וואָס פּאַר אַ קרעפּצען זענען געשטאַנען אין דער לופט! אַלע האָבען גע־וויינט. יודען זקנים מיט ווייסע בערד האָבען געכליפּעט ווי קליינע קינדער... דער רב ר' אליהו איז געפאַלען אין חלשות. און ווען ער איז אַוועק פון בית־עולם, האָבען פיעלע געהערט, ווי ער האָט געזאָגט: „אין גיכען וועל איך זיך זעהן מיט זיי".

שרה: און נאָך מיין זוהנ'ס אָרון זענען נאָך געגאַנגען נאָר דריי מענשען.

1־טער יוד: און ווען דער כאָר האָט אָנגעהויבען זינגען, האָט זיך מיר געדוכט, אַז ביי מיר פּלאַצט דאָס האַרץ. איהר קענט דאָך אונזער גוטען כאָר. אויסערדעם האָט ר' אליהו געבראַכט מיט זיך ספּעציעל אַ חזן פון ווילנא. אוי זינגט ער!... פּסס... נישט מענשען, נאָר מלאכים האָבען געזונגען וויינענדיגע תפלות. און איבער דאָרא גאָלדבלאַט'ס קבר איז געוועזען אזא כליפּעריי, אַז פיעל פרויען זענען געפאַלען אין חלשות.

שרה: ר' שמחה, איהר וועט קיינמאָל נישט קענען פערשטעהן, וויפיעל איך לייד.

1־טער יוד: אַ שרעקליכע היסטאָריע, אַ שרעקליכע.

שרה: ווען איך זאָל דאָס חאָטש וויסען פון פריהער. דאָס איז מיר אפילו אויפ'ן זינען נישט אַרויפגעקומען. געהט אַריין אַ מענש און זאָגט: דאָ וואָהנט שיפער? דוכט זיך, איהר זענט דענסמאָל געוועזען.

1־טער יוד: ניין. נו, נו.

שרה: „וואָס איז?" „מ'בעט באַלד קומען צוגעהן".

1־טער יוד: קיין גוטס וועט שוין מסתמא נישט אַרויסקומען.

שרה: איך געה. איך קלער, ס'איז אודאי עפּעס וועגען די דאָ־קומענטען. ער געהט אַליין אַריין און קוקט נישט אין די אויגען.

1־טער יוד: געוויס. נו, געוויס.

שרה: און זאָגט מיר: „דאָ איז אַרויסגעקומען אַ טעות. אייער זוהן טאָר מען נישט מקבר זיין אויפ'ן יודישען בית־עולם. ער איז אַ פּראַוואָסלאַוונער, אַ געטויפטער". איך האָב לכתחלה געמיינט, אַז זיי זענען זיך טועה. נאָר ער האָט מיר בעוויזען די פּאַפּירען. שוין זיבען יאָהר, אַז לעאָן האָט דאָס געטהון.

1־טער יוד: אַי־אַי־אַי. און קיינער האָט גאָר נישט געוואוסט. אַי־אַי־אַי.

שרה: איך האָב די פּאַפּירען פריהער גאָרנישט געזעהן. און ווער קוקט דען? ווער האָט דאָס געקענט וויסען? ס'איז דאָך שוין זיבען

יאָהר, אַז ער איז אפילו נישט געקומען צופאָהרען צו אונז. יצחק פער-שטעה איך, פאַר וואָס.

1-טער יוד: איך האָב געמיינט, אַז מיט׳ן אַלטען וועט זיין ער-גער, ווען ער וועט געוואָהר ווערען.

שרה: ער האָט געשוויגען, חאָטש איין וואָרט. ער האָט געוואָלט אַ געשריי טהון, האָט אָבער נישט געקענט. זיצט ביי זיך.

1-טער יוד: אפשר אַריינגעהן צו איהם?

שרה: די טהיר איז פאַרשפּאַרט. ווען זיי זענען געקומען מיט אַ פּראָטעסטען געלען אָרון פון פּאָליציי, האָב איך אָנגעקלאַפּט צו איהם, געזאָגט: „נעה געזעגענען זיך מיט׳ן זוהן".

1-טער יוד: נו, און וואָס האָט ער געענטפערט?

שרה: ער האָט געענטפערט: „גיעב איהם איבער אַ גערוס פון מיינעטוועגען.

1-טער יוד: און ער איז טאַקי נישט אַרויסגעגאַנגען?

שרה: ניין.

1-טער יוד: ער איז אַ פרומער יוד. איך וועל פּרובירען דורכ-שמועסען זיך מיט איהם. נישט גוט, אויב ער איז דאָרט אַליין אַליין. גאָט ווייס, וואָסערע געדאַנקען עס קענען איהם קומען אין קאָפּ אַריין. ער איז דאָ? (ווייזט אָן).

שרה: יאָ.

1-טער יוד: (קלאַפּט מיט מורא. פּויזע. קלאַפּט העכער). ר׳ אַהרן.

אהרנ׳ס שטימע: גיעב איהם איבער אַ גערוס פון מיינעטוועגען. איך האָב שוין געזאָגט.

שרה: דאָס זעלבע.

1-טער יוד: איהר האָט אַ טעות. דאָס בין איך. נישט גוט ר׳ אַהרן. איהר האָט פערלאָזען אייער פרוי לחלוטין אַליין (פּויזע). צי דען קען מען זיך אַזוי פיהרען מיט אַנ׳אַלטער פרוי?

אהרנ׳ס שטימע: און ער איז שוין נישטאָ?

שרה: ער פרעגט דאָס וועגען זוהן.

1-טער יוד: ניין, אַלץ געענדיגט. אייער ווייב זיצט דאָ אַליין און וויינט. וואָס? אַלס אַ גוטער מאַן און אַ בעל-משפחה, דאַרפט איהר זיין נעבען איהר, מנחם זיין איהר.

שרה: גוט, גוט, זאָגט דאָס איהם.

1-טער יוד: איצט, ווען אויף אײַך איז אָנגעשיקט געוואָרען אַזאַ אומגליק, דאַרפט איהר זײַן נעבען איהר. איך רעד דען נישט ריכטיג? וואָס? איהר זענט אַ מאַנסביל און אַ אָרענטליכער פרומער יוד. זי זיצט דאָ און וואַרט אויף אײַך. איהרט הערט מיך ר׳ אהרן? אויף אײַך ליגט אַ חוב בנוגע צו אײַער משפחה. מ׳טאָר נישט אַזוי מיט אַ מאָהל אַראָבלאָזען דעם קאָפּ און קלערען, אַז אַלץ איז שוין...

אהרנ׳ס שטימע: באַלד וועל איך אַרויסגעהן צו אײַך.

1-טער יוד (געהט אָב פון טהיר). באַלד וועט ער אַרויסגעהן, אָט זעהט איהר. און איהר שטאַרקט זיך אויך. איהר דאַרפט קלערען וועגען איהם און וועגען דער טאָכטער. מיר, יודען, קענען מיר זיך דען איבערגעבען טרויער? ניין, מ׳דאַרף אַרבײַטען, מ׳דאַרף אונטערשטיצען אַנדערע.

שרה: דאָס איינציגע, וואָס גיט מיר כחות, — איז דער געדאַנק וועגן איהם.

1-טער יוד: נו, יע. אַלעמען איז שלעכט. אַלע לײַדען. פונדעסטוועגען, וואָס-זשע קען מען דערפון אַרויסלערנען? איהר האָט געזעהן, אַז מ׳וועט אין וואַלד צוטרײַסלען דאָס אָרט פון מוראַשקעס, ווי אַזוי די דאָזיגע קלײַנע בעשעפעניש׳ען הויבען-אָן צולויפען. זיי בעוויינען דען דאָס אַלטע? ניין, באַלד, נישט פערליערענדיג קײַן מינוט, הויבען זיי אָן צובויען ווײַטער, נײַע לעבער. אַזוי דאַרפען מיר אויך טהון.

שרה: צו וואָס? כּדי דער דורכגעהענדער מענש זאָל נאָכאַמאָל מיט איין קלאַפּ אַלץ צושמעטערען?

1-טער יוד: ס׳איז נישט אונזער זאַך. ס׳איז נישט אונזער זאַך, זאָלען זיי זיך צושטערען, און מיר וועלען מוזען פון ס׳נײַ בויען.

שרה: און ווײַטער?

1-טער יוד: ס׳איז נישט אונזער זאַך. מיר בויען, מיר האַלטען נאָר אין איין בויען, דערנאָך וועלען מיר זעהן. ס׳איז נישט אונזער זאַך, זעהט נאָר מײַן קרעמעל: סחורה האָט זיך בײַ מיר אָבגעשטעלט אויף צוויי רובל, נישט מעהר, און אומגליקען האָב איך געזעהן אויף טויזענד רובל. נאָר אַ דאַנק גאָט, וואָס זענען געבליבען לעבען און געזונד דאָס ווײַב מיט די קינדער.

שרה: און בײַ אונז...

1-טער יוד: ס׳ איז נישט אונזער זאַך. וואָס ס׳איז געבליבען, דאָס איז געבליבען.

## 2.

(ענמאַן און חנה קומען אַרײַן. שרה הױבט־אָהן חליפּען. חנה נעהמט צו צו איהר, נעהמט איהר אַרום שװײַנענדיג, דריקט זיך צו צו איהר. זעהר אַ לאַנגע פּױזע).

1־טער יוד: נו, נו, װײַנט זיך אױס און אַ סוף. הײַנט מעג מען נאָך װײַנען, און מאָרגען שױן נישט: מ'דאַרף אַרבײַטען, אַרבײַטען.

שרה: אודאי.

ענמאַן: אַ ענדע!

שרה: שױן אַלץ גענענדיגט. ער שלאָפט שױן שטאַרק. אַלץ אָבגעטהאָן, װי ס'בעדאַרף צו זײַן. איהר האָט איהם אױפגעלעגט און שטאַרק אײַנגעדעקט. שױן אַלץ גענענדיגט מיט מײַן יונגעל. ער דאַרף שױן קײַן זאַך נישט.

ענמאַן: אַ ענדע!

שרה: צו װאָס לײַד איך נאָך? צו װאָס טױג דאָס, ר' שמחה, אַז מיר, נאַרישע אַלטע לײַט, זאָלען לעבען, און די בליהענדע יונגע לײַט זאָלען אומקומען פאַר אונזערע אױגען?

1־טער יוד: נו, איהר מאַכט אַזעלכע שאלות, װאָס שפּינאָזאַ אַלײן װאָלט אױף זײ נישט קענען ענטפערן, און איך בין דאָך נישט דער רמב"ם, און אפילו נישט ענהליך צום רמב"ם.

ענמאַן: װי האָט מען דאָס אָבגעלאָכט פון אומגליקליכען לעבען!

שרה: דאַנקט, קינדער, ר' שמחה'ן, ער איז אַרײַנגעקומען צו אונז. אַלע האָבען דאָך אונז אױסגעװאָרפען. מײַן אומגליקליכער זוהן. צו דען איז ער נישט אונזערער? װי נאָר ער האָט דערהערט, אַז בײַ אונז האָט דאָ געטראָפען אַן אומגליק, איז ער געקומען צופליהען אַהער, װי אַ פױגעלע. איז ער דען אַ פרעמדער? ער האָט זײ אָבגעגעבען זײַן לעבען, ער איז געשטאָרבען פאַר זײ, װי אַ גבור. ער איז אַ פרעמדער? און אָט האָבען זײ איהם אױסגעװאָרען, געלאָזט בעגראָבען אין פרעמדע ערד, איבער איהם געשטעלט אַ צלם.

ענמאַן: אַ הילצערנעם צלם האָט מען געשטעלט.

1־טער יוד (מיט שרעק). אַ צלם האָבען זײ איבער איהם אױפגעשטעלט?

שרה: ער איז שטענדיג געװעזען אַ גוטער, אָרענטליכער יוד. אַזעלכער איז ער געבאָרען געװאָרען און אַזעלכער איז ער געשטאָרבען.

חנה: ער איז געווען אַ אָרענטליכער מענש, מאַמע.

שרה: פֿאַרוואָס־זשע האָט מען זיך אָבגעווענדעט פֿון איהם? פֿאַר וואָס האָט מען איהם אַוועקגעוואָרפֿען נאָכ׳ן טוידט, ווען ער האָט זיין לעבען אַוועקגעגעבען פֿאַר יודען. פֿאַר וואָס האָבען זיך אַלע פֿון אונז אָבגעקעהרט?

1־טער יוד: איהר קענט דאָך אונזערע יודען.

שרה: נישט אַלץ איינס איז דען, וואָס ער איז געווען נאָכ׳ן טוידט! זיין ריינע נשמה איז שטענדיג געווען מיט אונז, שטענדיג. ער האָט אייך אַוועקגעגעבען זיין גוף, און איצט טרייבט איהר איהם אַוועק ווען ער איז שוין טוידט, און קען שוין מעהר אייך נישט געבען,

1־טער יוד: איהר ווייסט, וואָס איך וועל אייך זאָגען? אַלץ דאַרף זיין ריין, אי די נשמה אי דער גוף. ווייל דאָס איז איינס.

חנה: יעקב, איהר הערט?

1־טער יוד (אַרויסגעהענדיג). נאָר פֿונדעסטוועגען האָט קיין מורא נישט, איך בין בטוח, אַז אין עטליכע טעג אַרום וועלען אַלע דאָס פֿער־שטעהן און...

שרה: און מ׳וועט איהם מוחל זיין?

1־טער יוד: אַ גוטען שבת אייך. געוויס, מ׳וועט פֿערשטעהן, אַז כ׳ל־סוף איז ער דאָך געווען אַ יוד (געהט אַרויס, נישט דערלאַנגענדיג די האַנד).

חנה (אָהן איראָניע). זיי וועלען בערעכענען און איהם מוחל זיין. אויך אונז וועלען זיי מוחל זיין.

שרה: פֿאַר וואָס דאַרפֿען זיי אונז מוחל זיין? אין וואָס האָבען מיר זיך דאָס פֿערשולדיגט?

חנה: אין וואָס? אין דעם, וואָס מיר ליידען שוין צופֿיעל, מיר ליידען מעהר פֿאַר אַלעמען. אויב דער רב, ר׳ אליהו, איז גערעכט, און יעדע צרה איז אַ טרויעריגער כבוד, ווי אַזוי־זשע קען אונזער פֿאַמיליע זיין די געשעצטעסטע פֿון געשעצטע?

שרה: דעם כבוד וואָלט איך מיט חשק אַוועק געשענקט.

חנה: ניין, מאַמע. איצט וועלען מיר קיינעם נישט אַוועק שענקען אונזער טרויער. מיר וועלען איהר קיינעם נישט אַוועק שענקען.

ענמאַן: אויב ס׳וועט נאָר זיין מעגליך אומקעהרען זיך, אומקעהרען זיך צו אונזער פֿאָלק און לאַנד, וואָס האָט אונז ערנעהרט, צום רוהיגען וויגעליג. אַ שווערע משא פֿון טויזענדיעהריגע אַרימוואַלגערן זיך ליעגט אויף אונזערע פּלייצעס. מ׳וואַרט אויף אונז, מ׳וואַרט, איהר פֿיהלט דען

דאָס ניִשט? הערט איִהר דען ניִשט די שטיִמע: „עי, וואו זענט איִהר? איִך ביִן דאָ, וואו זענט איִהר?" ווער שרייט דאָס? דאָס הויז, וואו איִהר זענט געבוירען געוואָרען, די שטיינער פון אייער געבורטס־שטאָדט, די אויגען פון דער מוטער, דאָס הארץ פון דער פערלאָזענער כלה, די יסורים און צרות פון די ברידער — אַלץ צוזאַמען, אַלץ צוזאַמען רופט, שרייט אָהן אויפהער, אָהן אויפהער. „וואו זענט איִהר? איִך ערוואַרט אייך!" און אַט קומען מיִר אויפ'ן רוף. וואָס־זשע זעהט מען? די געבורטס־שטאָדט איז צושטערט, מיר ווייגען איבער די קברים פון אונזערע בריִדער, אונזערע כלות ענדיגען מיט זעלבסט־מאָרד, ווייל זיי זענען געשענדעט. שטאַרבען פאַר'ן איינענעם פאָלק איז ניִשט שווער, אָבער לעבען, אָבער ליידען מיט איהם און זיין מיט איהם אומעדום, אַלס אַ טייל פון איין גאַנצען קערפער. וואָלט מען זיך קענען צונויפשמעלצען! ניִשט אוועקגעגען מעהר, ניִשט אַוועקגעהן ערגעץ. איז דען ניִשט גענוג, אויב מיִר זעהען נאָר די יסורים פון אונזער פאָלק. אַ שרעקליכען ביישפיעל האָט נעגעבען לעאָן. איבער זיין קערפער האָט מען חוזק געמאַכט און נאָכ'ן טוידט האָט מען זיך פון איהם אָבגעקערט, און אַזוי דאַרף זיין. אַזוי איז ריכטיג. זיי זענען גערעכט. דאָס איינציגע, וואָס ס'האָט זיך ביי זיי אָבגעשטעלט, איז דער בית־עולם. און ווער ס'האָט איין מאָהל אָבגעקערט פון איהם, זאָל מעהר ניִשט האָבען די פרעכהייט אַריינגעהן אין איהם. די דאָזיגע גרויסע עהרע דאַרף מען פערדינען.

שרה: וואוהין־זשע זאָל איך קומען בעווייגען מיין זוהן?

חנה (ענמאַנ'ען). גוט, וואָס איהר האָט דאָס אַלץ מיר געזאָגט.

ענמאַן: איך פיהל אַזוי.

חנה: און איך אַנדערש.

שרה (ענדיגענדיג ליכט בענטשען). נו, דאָס האָט זיך געענדיגט, און מ'דאַרף אָנהויבען לעבען ווייטער. מדאַרף לעבען (קלאַפּט צו אהרנ'ען). אהרן, מ'וואַרט אויף דיך. שוין צייט זעצען זיך צום טיש (געהט אָב פון טהיר). ער וועט ווייטער ניִשט דאַוונען. און ס'איז שוין שבת.

## 3.

(אהרן קומט אַריין. זיין פינגער דריקט אויפ הבנעה, אונטערשטענדיקייט. אַלע קוקען אויף איהם; מ'צוזעצט זיך אַרום דעם שבת־טיש. אהרן שטעלט זיך ביי די חלות וואָס זענען בעדעקט מיט אַ סערוועטקע, הויבט אָהן מיט אַ שטילער ציטערנדיגער שטימע).

אהרן: ויהי ערב, ויהי בקר (העכער) יום הששי. ויכלו השמים

והארץ וכל צבאם (רעדט עפּעס שטיל, אונקלאָהר). ויקדש אלהים אותו, כי בו שבת מכל מלאכתו אשר ברא אלהים לעשות... (לעגט אוועק די הענד אויף די חלות). ברוך אתה, ה׳ אלהינו מלך העולם, המוציא לחם מן הארץ (אהרן׳ס שטימע ווערט שטאַרקער). ברוך אתה, ד׳ אלהינו, מלך העולם (בײַט איבער די שטימע). יע, דו ביזט דער קעניג פון דער וועלט, דו ביזט שטאַרק און אַלמעכטיג. און איך ליעג פאַר דיר אין שטויב. ווי מיט אַ שווערען האַמער האָסטו מיך אַ קלאַפּ געטהון. דו ביזט שטאַרק און אַלמעכטיג. ס׳איז נישטאָ קיין גלײַכען צו דיר אויף דער גאַנצער וועלט. וואָס? איך רעד דען נישט ריכטיג, חנה? נו, זײַ מתפּלל צו איהם. פאַר וואָס ביזטו נישט מתפלל?

שרה: פאַר וואָס דאַרף זי עפּעס מתפלל זײַן מעהר פון אַנדערע?

אהרן: אַ, מײַן אַלטע פרײַנדין, אונזער טאָכטער ווייס מעהר פון אַנדערע זײַן כח, וועלכער ברענט. ווי פײַער, און איז שטאַרק, ווי אַ שטיין.

חנה: איך ווייס, ווי דו ביזט שטאַרק אומגליקליך, פאָטער מײַנער.

שרה: דיר איז שווער מתפלל זײַן, אהרן. איך וועל מתפלל זײַן מיט דיר.

אהרן: דו ביזט אַזאַ שטילע און אונטערטהעניגע בעשעפעניש, דאָס ער וועט אויף דיך נישט אין כעס ווערען. אַ שטילע שעפעלע אין זײַן סטאַדע. אויף אַזעלכע טהוט ער כמעט קיין בליק נישט אין די מינוטען פון זײַן באַרעמהערציגקייט און אין די יאָהרען פון צאָרן. נישט אַזעלכע דאַרף ער. און אויב ער פערשאַפט אויך אַזעלכע וועהטאָג, איז דאָס נאָר צופעליג, פאַרבײַגעהענד. אַ שטילע שעפעלע אין זײַן סטאַדע איז מײַן אַלטער חבר. אָבער, שנעל און צורודערט פאַרבײַגעהענדיג נעבען שוואַכע און אונטערטהעניגע, שיקט ער זײַנע שטאַרקסטע קלעפּ די דאָזיגע (ווײַזט אויף חנה׳ן), אויף אַזעלכע, אויף שטאַרקע און שטאָלצע. ער רופט זיי אַרויס צו מלחמה. ער ווייס, אַז זײַן כח שטיצט זיך נישט אויף דער הכנעה פון די שוואַכע, נאָר אויפ׳ן גלויבען פון די שטאַרקע. און ער שלאָגט, און ער זוכט די אמונה, און ער איז דורשטיג נאָך איהר, ווי אַ אַכזריות׳דיגער לייב — בלוט. ער קלאַפּט איבער אונזערע הערצער מיט זײַן פײַערדיגען האַמער און קוקט: וועט דאָס האַרץ אויסהאַלטען? אָבער עס איז אונגעדולדיג. זעהר אונגעדולדיג. מיר וועלען אַליין קומען צו איהם. זאָל ער אונז נאָר געבען צײַט. זאָל ער נאָר אונז נישט שלאָגען אַזוי אונרחמנות׳דיג אַ קלאַפּ נאָך אַ קלאַפּ, אַ קלאַפּ נאָך אַ קלאַפּ. דיענסט־מאָל הערט ער דאָך, אַנשטאָט תפלות, נאָר קרעכצען, אַנשטאָט אַ ריח

פון קרבנות זעהט ער א פייער פון אונזערע וואהנונגען. זאל ער אונז געבען א בעשטימטע צייט. אבער ער גלויבט אונז נישט אן. ער האט מורא, אז שטארקער ווערענדיג וועלען מיר אויפשטעהען געגען איהם אלע צוזאמען. און כל־זמן מיר זענען שוואך און פונאנדערגעטיילט, סטארעט ער זיך אונז אונטערטהעניגען, צוטרעטען אונז, וועיזען זיין קראפט — די קראפט פון א גיגאנט געגען א קינד. צו וואס האט ער מיך ארויסגערופען אויף אזא שרעקליכע, נישט גלייכע מלחמה? איך האב דאס נישט געוואלט, איך האב געדאוועט פופציג יאהר נאכאנאנד, איך האב געגלויבט, טיעף געגלויבט, אבער ער, ער וואס לייענט אין די הערצער פון מענשען, ווי אין אן׳אפענעם בוך, ער האט ריכטיגער געוואוסט מיין בעציהונג צו איהם. „איך וועל פרובירען דיין אמונה", האט ער מיר געזאגט. „איך וועל דיר שיקען א נסיון". קען מען אזוינס טהון? קען מען אויספרובען אמונה? הערט נאר, ווי חיטרע ער האט דאס געטהון. יע, חיטרע. ער האט מיך אויסגעפרובט, אבער אין דערזעלבער צייט האט ער געוואוסט, אז איך וועל פון איהם נישט קענען אוועקגעהן. ער האט געוואוסט, אז אלץ איינס וועט ער אין דער לעצטער מינוט מיך מאכען אונטערטהעניג. אויף צום סוף האט ער צוגעגרייט דעם שווערסטען נסיון — ער האט געוואוסט, אז מיין זוהן וועט נישט ליגען צוזאמען מיט מיר. צו וואס האט איהם געטויגט די גאנצע מעשה מיט׳ן אויספרובען, אז ער האט פיי־ווי־סיי בעשלאסען אונטערטהעניגען מיך מיט כח? ער האט דער׳הרג׳ט מיין זוהן. „וועט ווערען דענסטמאל פאר מיר אונטערטהעניג דער דאזיגער אלטער, גראהער יוד", האט ער געקלערט... איך בין איהם נישט גע־ווארען אונטערטהעניג! נישט קלערענדיג, האט ער מיר פערשאפט יסורים, נאך מעהר שרעקליכע, וועגען וועלכע עס וויסען דריי פון די פיער וואס זיצען ביי׳ן טיש. „וועט מיר ווערען דענסטמאל אונטערטהעניג דער אלטער יוד?" — איך בין נישט געווארען אונטערטהעניג. — „אויב דו וועסט נישט ווערען אונטערטהעניג מיט גוטענס, וועל איך מיט כח ארויסרייסען ביי דיר די אונטערטהעניגקייט". און ער האט בעוויזען וואס ער פערמאגט. איך האב פערשפיעלט. איך בין בעזיעגט. קיינמאהל וועל איך זיך שוין נישט אויסגלייכען. נו, וואס האט ער דערפון? וואס האט ער דערפון, וואס אן׳אלטער, אומגליקליכער יוד וועט צופאלען מיט הכנעה צו דער האנד, וואס האט איהם א קלאפ געטהון?

שרה: וואס רעדסטו, אהרן? פון צרות ביזטו, ווייזט אויס, אראפ פון זינען. נאר אויב ס׳האלט זיין אנדערש, וואלטען מיר נישט פיהלען יעדע מינוט, אז גאט איז דא, צווישען אונז, צווישען אונז אומגליקליכע.

אהרן: און צו וואס דארף מען, אז ער זאל שטענדיג זיין צווישען

אונז? וואָס באמת טהוט ער דאָ? צו פּאַסט איהם, אַזאַ גרויסען, אַזאַ אַלמעכטיגען, צו פּאַסט איהם געפינען זיך צווישען אַזעלכע קליינינקע מענשעלעך, ווי מיר זענען, פערנעהמען זיך מיט אונזערע קליינינקע ענינים, אינטערעסירען זיך מיט אונזערע קליינינקע דאגות? איך פערשטעה דאָס נישט. ער האָט דען נישט קיין וויכטיגערע זאַכען? ער האָט אַ זונן, שטערען, וואָלקען און, ווי די חכמים זאָגען, נאָך פיעל אַזעלכע וועלטען, ווי אונזערע קליינע וועלט. און ער איז אַלץ דאָ, אַלץ דאָ.

**שרה:** ער איז דאָ כדי צו ברענגען גערעכטיגקייט — אָט צוליעב דעם איז ער שטענדיג דאָ. ער וויל, אַז אין לעבען זאָל זיין נאָר גערעכטיגקייט.

**אהרן:** ער איז גערעכטיג. ער איז זעהר גערעכטיג, עס קען זיין — צופיעל גערעכטיג. ווען אומגליקליכע, אויסגעמאַטערטע מענשען פּרובירען זיך איהם ענטפערן, זאָגען אָפען אַ קליין וואָרט: „פאַר וואָס"? פאָרלעגען די קליינינקע פראַגע אין דער וועלט: „פאַר וואָס" — ענטפערט ער און איז זיך נוקם אכזריות'דיג... ביז'ן זיבעטען דור. ער איז גערעכטיג, — און אין דער גערעכטיגקייט טרעט ער, טרעט ער אונז און מ'זעהט גאָר קיין סוף נישט. ער דאַרף דען תפלות? צו וואָס באמת טויג דאָס איהם? אָבער פּרובירט נאָר נישט מתפלל זיין. ער וועט אייך דערשלאָגען מיט אַ גערעכטיגען דונער און פערברענען. אָבער איך פרעג דאָך: צו דען איז דאָס טאַקע, אַזוי נויטיג, אַז די גערעכטיגקייט זאָל טריאומפירען? צו וואָס דאַרף מען איהר? ווער האָט דאָס בעשלאָסען, אַז מענשען דאַרפען האָבען גערעכטיגקייט? דאָס איז געווען אַ אכזריות'דיגע האַרץ, וואָס האָט אַזוי בעשלאָסען. נישט אמת נישט אמת! רחמנות — אָט וואָס מיר דאַרפען האָבען. רחמנות!

## 4.

(ער קומט אַריין סילקין).

**אהרן:** ביי זיין גערעכטיגקייט איז אונמעגליך צו לעבען, אונמעגליך אפילו אַליין מקבר צו זיין דעם איינציגען זוהן, דעם קדיש פרעמדע מענשען, פרעמדע מענשען טהוען אונז דאָס, ווי אַ טובה.

**סילקין:** אַלץ אָבגעטהון, זייט רוהיג.

**אהרן:** (דריקט איהם די האַנד). נו... ווען איהר זאָלט וויסען... ווי אַזוי... ווי אַזוי...

**חנה:** (שטעהט אויף פון אונטער'ן טיש).

**שרה:** ווען מ'זאָל כאָטש וויסען, — צו וואָס האָט ער דאָס געטהון!

צו וואָס האָט איהם געטויגט שמד'ן זיך?

חנה: איצט פֿערשטעה איך... ער האָט מיר איבערגעגעבען פֿאַר'ן טוידט אַ בריעף. אָט איז זי, איין שורה (ווייזט).

ענמאַן: איצט איז אַלץ פֿערשטענדליך.

חנה (לייענט). „איך האָב דאָס געטהון, כּדי אַריינצוטרעטען אין אינסטיטוט".

סילקין: אַלס אַ יוד, האָט מען איהם נישט אָנגענומען.

אהרן: (ליידענד). אַי-אַי-אַי, וואָס איז דאָס. וואָס האָט ער געטהון! ער האָט געוואָלט זיין אַ געבילדעטער מאַן. האָט אונז געוואָלט מנחם זיין... אַי-אַי-אַי.

שרה: און מיר האָבען זיך אַזוי געפֿרעהט, ווען מ'האָט ערהאַלטען זיין טעלעגראַמע. איהר געדענקט?

אהרן: ווי ער האָט זיך דאָס געבעטען, מ'זאָל איהם אָבשיקען אין פּעטערבורג, געלייקענט, נישט געהאַט קיין כּח מודה צו זיין זיך! האָט געוואָלט, מ'זאָל איהם נישט מקבר זיין דאָ, אויף אַ פֿרעמדען בית-עולם, כּדי אויף מיין קאָפּ זאָל נישט פֿאַלען די חרפּה. אַי-אַי. פֿיהל איך דען איצט גאָט'ס נצחון? אַי-אַי... פֿיהל איך דען אַצונד אַ חשק צום לעבען, אַ חשק צו זעהן די זונן, בעגעגענען מאָרגענדיגען טאָג, גאָט'ס שבת? און דאָס איז דאָך דער עיקר... (געהט אָב).

שרה: ווידער, ווידער. וואוהין-זשע געהסטו אוועק? (געהט אוועק נאָך איהם).

סילקין: (געהט צו צו חנה'ן, הערצליך). ענטשולדיגט.

חנה: פֿאַר וואָס?

סילקין: ענטשולדיגט. ענטשולדיגט אונז (נייגט זיך שטאַרק). ענטשולדיגט אונז (געהט אַרויס שנעל).

ענמאַן: וואָס קוקט איהר אַזוי אויף מיך?

חנה: מיר ווילט זיך אויך אייך אַזוי זאָגען, איך נעהם אָבשיעד פֿון אייך.

ענמאַן: (מיט שרעק). ניין.

חנה: יע, כ'נעהם אָבשיעד. ליעבער יעקב.

ענמאַן: פֿאַר וואָס? פֿאַר וואָס?

חנה: איך ווייס, ווי אייך וועט זיין שווער...

ענמאַן: איך וועל דאָס נישט אַריבערטראָגען.

חנה: אַזוי דאַרף זײַן. אַזוי מוז זײַן.

ענמאַן. וואָס בין איך אָהן אײַך, מײַן רײַן, שײן קינד.

חנה: נײַן. איך בין נישט קײן שײנע און קײנע רײנע...

ענמאַן: פאַר מיר זענט איהר...

חנה: איך בין א רײנע, חאָטש א אומגליקליכע פרוי. אין דעם איז א גרויסער אונטערשיעד.

ענמאַן: פאַר וואָס קענען מיר נישט זײַן צוזאַמען?

חנה: אין דעם איז א גרויסער אונטערשיעד, יעקב. איהר ווערט מיך נישט פערשטעהן. איך בין געוואָרען אַנ'אַנדערע, אינגאַנצען אַנ'אַנדערע.

ענמאַן: איך—וועל נישט פערשטעהן?

חנה: נײַן, מיר זענען פערשידען.

ענמאַן: איהר האָט עפּעס בעקלערט.

חנה: יע.

ענמאַן: וואָס אַזעלכעס?

חנה: דאָס איז זעהר פראָסט און זעהר פערדרעהט.

ענמאַן: וואָס־זשע?

חנה: אויב דאָס לעבען איז אַזוי שרעקליך, דאַרף מען עס איבערמאַכען.

ענמאַן: ווי אַזוי־זשע זאָל מען דאָס טהון?

חנה: מ'דאַרף עס איבערבויען.

ענמאַן: וואָס קענט איהר אַליין? איהר ווערט פערלאָרען געהן.

חנה: מ'דאַרף עס איבערמאַכען. איך האָב דאָס אַזוי קלאָר פערשטאַנען—נײַן: דערפיהלט דאָס הײַנט.

ענמאַן: הײַנט?

חנה: ווען מיר האָבען מקבר געווען לעאָנען. איך האָב בעקלערט: דער פאָטער איז נישטאָ, ער קאָן נישט זײַן, ווײַל דאָס איז א פרעמדער בית־עולם, א פרעמדע ערד. און פלוצלונג איז אַלץ געוואָרען קלאָהר, אַלץ. פערשטעהט: קײַן פרעמדע ערד דאַרף נישט זײַן. דאָס איז דער גרעסטער ליגען.

ענמאַן: א פרעמדער בית־עולם דעריבער, ווײַל עס זענען פאַראַן פרעמדע רעליגיעס.

חנה: אויך דאָס דאַרף נישט זײַן! די ערד קען נישט זײַן קײַן

פּרעמדע. לעבּעדיגע טאָרען קײן ערד נישט האָבּען. די לעבּעדיגע האָבּען איהר געשענדעט, װי מען שענדעט אַ פֿרױ – זי לײדט, איך פֿיהל דאָס דײטלעך. װער האָט עס ערלױבּט פֿונאַנדער טײלען די ערד. די ערד, די גאַנצע ערד געבּױרט בּרױט, אָבּער, װען זי איז פֿונאַנדער געטײלט, גיעט זי אַנשטאָט בּרױט – צרות. װער האָט עס ערלױבּט איהר פֿונאַנדער־טײלען? איך נעה אַװעק פֿון אײך. איהר רופֿט צוריק, אומקעהרען זיך נאָר צו אַ קלײן שטיקעלע ערד, װאו מענשען האָבּען פֿון צרות כמעט פֿערלאָרען זײער האָפֿנונג. און איך דענק װעגען די לײדען פֿון אַלע אומגליקליכע. לאָמער זיך צו שײדען.

ענמאַן: מיר װעלען זיך נאָך טרעפֿען?

חנה: עס קען זײן.

ענמאַן: װען?

חנה: װען איך װעל ערפֿילען מײן אױפֿגאַבּע.

ענמאַן: איך װײס נישט, װאָס זאָל איך טהו

חנה: זײט געזונד (געהט אַרױס)

## 5

(אַהרן קומט אַרײן, קוקט זיך אום צו רודערט, װבּט עפּעס: דערװעהענדיג ענמאַנ'ען).

אהרן: װאו איז מײן טאָכטער?

ענמאַן: איהר װילט איהר זעהן?

אהרן: יע... נײן... כ'האָבּ געװאָלט זאָגען... איהר װעט איהר נישט פֿערלאָזען. פֿערלאָזט נישט... װאָס זאָל איך זאָגען? אז מ'װעט מיך פֿרעגען: „אהרן, פֿאַר װאָס בּיזטו געקומען פֿאַר דער צײט?", װעל איך ענטפֿערן, אַז איך בּעגלײט מײן זוהן, װײל ער איז אַראָבּ פֿון װעג און מ'דאַרף איהם אָנװײזען דעם װעג. נײן, פֿערלאָזט איהר נישט... (געהט אַרױס, פֿערשליסט די טהיר הינטער זיך).

ענמאַן (קוקט איהם נאָך צורודערט, פּױזע, דערנאָך רופֿט שנעל), חנה, קומט אַהער.

## 6.

(חנה קומט אַרײן).

ענמאַן: געהט צום פֿאָטער. מיר דוכט זיך ... געהט צו איהם..

(חנה געהט אַרױס, אין עטליכע מינוט אַרום קעהרט זיך צוריק).

חנה (שנעל). איך קען נישט אַלײן. העלפֿט מיר גיכער

(בּײדע געהן צו אהרנ'ס צימער).

פֿאָרהאַנג.

# נאָב'ן שטרייק

א קאָמעדיע אין 3 אַקטען.

פון

ג. טשורני.



# פערזאנען:

דער בעל־הבית, א פאָלנער געזונטער מענש פון איאָהר 40.

זיין פרוי, א נידערינגע שווארצע פרוי פון איאָהר 35.

1-טער ארבייטער (איצק'ל), א בחור פון 20 יאָהר.

2-טער ארבייטער, א בחור פון 18 יאָהר.

1-טער לעהריונגעל, 15 יאָהר אלט.

2-טער לעהריונגעל, 14 יאָהר אלט.

נפתלי (איצק'לס פאָטער), א שניידעֿר, ביי 60 יאָהר.

דבשה (נפתלי'ס פרוי), ביי 55 יאָהר.

אברהם'צינ שניצער (איין ארבּ יטער), ביי 20 יאָהר.

יונגע ארבייטער, א שטוב־מערכען.

---



# ערשטער אקט.

**א קליינער צימער. אין מזרח וואנט 2 פענסטער, צווישען די פענסטער א לאנגער ווייסער טיש. צווישען דעם טיש אין דער וואנט — א לאנגער ביינקעל. אין דער רעכטער וואנט א פענסטער. ביים פענסטער שטעהט א גענייצטע שניידער שטעפ-מאשין, נאך דער מאשין שטעהט א קאסאד. ביי דער לינקער וואנט שטעהט א הילצערנע קאנאפע, נאך דער קאנאפע איז אין וואנט א שטאלע טהיר אין קאמער, און גאכהער שטעהט א קיך-אייוועץ. ביים ערשטען עק טיש נאהנט פון פענסטער, זיצט נפתלי דער שניידער און נעהט א פאר הויזען. דער 1-טער ארבייטער זיצט אויפ'ן טיש, און נעבען איהם אנגעשפארט שטערט אברהם'ציג שניצער, ווייטער סבימעל אויף דעם אנדער'ן עק טיש, פון ביידע זייטען, זיצען ביין טיש ביידע לעהריינגלך און שפילען אין א פאפירענע דאמקע. דבשה זיצט ביים אייוועץ און שיילט קארטאפעל. אלע זיינען פרעהליך געשטימט.**

**נפתלי** (אין ברילען, נעהט לאנגזאם און דערצעהלט): 16 שעה איז דאס געווען שוין ווי א געוועהנליכער מקה, נאר אז עס פלעגט קומען פאר די ימים-טובים אדער, להבדיל, פאר די חגאות, פלעגען מיר דאן אנהויבען זיצען נעכט ביז 4 א זייגער און אמאל אפילו ביז'ן ליכטיגען טאג. פרעהליך פלעגט עס אפילו זיין. מיר האבען געהאט ביי זיך צוויי בחורים, פלעגען זיי די גאנצע נאכט פערקלינגען מיט זייערע לידער. מען איז געווען פשוט יונגע, פרעה-ליכע קעלבלעך; און ווער רעדט נאך, אז דער בעל-הבית אונ-

וועגער פליגט אינז אין מיטען דער נאַכט אַריינטראָגען אַ פּאָר פונט צפעל פאַר דער גאַנצער חברה אינזערער, פליגט אונז שוין דינען האַפּען די אֶמת'ע קעלבערנע התפעלות, און ער פליגט עס שוין ניט אויסניצען, מיר זאָלען זיצען ביז 4 אַ זייגער, ביז 5, און אַז ער האָט געוואָלט — איז ביז טאָג... קיין שכל האָט מען ב"ה ניט געהאַט, ווי די היינטיגע...

1-טער אַרבייטער: מילא, וועגען שכל וועל איך שוין ניט רעדען, נאָר וואו האָט זיך גענומען ביי מענשען אַזוי ביעל כח צו האָרעווען אַזוי פיעל?

אַברהם'ציג (מיט אַ שמייכעל): דאָס איז שוין אַ כלל: פערפעהלט די נאַטור אין איין זאַך — גיבט זי אָב אין אַ צווייטער זאַך — ביי וועניג שכל, איז דאָ אַ פולע געזונד (לאַכט).

1-טער לעהר-יונגעל (ניט אויפהויבענדיג דעם קאָפּ פון דאַמקע): ביי אַ פולע כח, איז רעכט אַ קלייגער מח...

נפתלי (פרעהליך): וואו האָט זיך גענומען כח, איז אָסור טאַקי אויב איך פערשטעה. ס'איז טאַקי נאָר ווי איהר זאָגט, אַז די אַמאָליגע וועלט איז געוועזען מיט וועניג מח, זענען זיי געוועזען אַלע טאַקי אַ סך געזונדטער. נאָר מיינט ניט, אַז מיר זענען שוין געוועזען אַזעלכע פראַים, מיר האָבען אויך געהאַט שכל, נאָר אונזער שכל איז געוועזען נאָך יענער צייט, און געוועהנליך, קלינער פון דער צייט האָבען מיר ניט געקאָנט זיין. די גאַנצע וועלט איז דאַן אַזוי געוועזען, און מיר, שניידער פון ר' האַצקל'ן, אויך בתוכם. היינט איז שוין אַ קליגערע וועלט געוואָרען, אַנ'אַנדערע צייט איז היינט, אַ קלוגע צייט!

1-טער לעהר-יונגעל (שלאָגט שנעל אָב אַ פּיעשקע): זאָגט מיר נאָר, רבותי, ווער מאַכט קלוג די צייט?

אַברהם'ציג (אומקעהרענדיג זיך צום 1-טען לעהר-יונגעל. ערנסט): לאַך ניט, עס איז נאָר ניט אַזוי נאַריש געפרעגט. איך וועל דיר זאָגען: די צייט אַליין מאַכט זיך קליגער, נאָר, ס'פערשטעהט זיך, אַז די צייט אָהן מענשען גיבט עס ניט, און די מענשען פון יעדער צייט הייסט — די צייט, און אַזוי ווי דער גרויסער צוזאַמען פון דער בעפעלקערונג צווינגט צו זוכען נייע מיטלען...

1-טער אַרבּייטער (שלאָגט איהם איבּער): אַברהם'ציג, לאָז איצטער אָב דײַנע הקירות; אַנ'אַנדערט מאָל וועסטו איהם דאָס ערקלערען. לאָמיר בעסער הערען, וואָס דער טאַטע דערצעהלט.

אַברהם'ציג (קאָנטשעט דאָך אַ פּאָר ווערטער): פערשטעהסט, נײַע עקזיסטענצען צו'ם לעבען... נאָר זאָל זײַן! (קעהרט זיך אים מיט'ן געזיכט צו נפתלי'ן). נו, ר' נפתלי, פלעגט איהר האָטש אַ פולע פערדינען דאַן?

נפתלי: פערדינען? — ס'פערשטעהט זיך, אַז קיין עשיר פלעגט מען ניט קאָנען ווערען. גאַנצע 30 קאַרבּאָנצעס פלעגט נעהמען דער בעסטער שנײַדער-געהילף אויף אַ זמן.

אַברהם'ציג: שוין מיט'ן בעל-הבית'ס עסען?

נפתלי: אַוודאי שוין מיט קעסט און אַפילו מיט די שמעק-טאַבּאַק, וואָס מיר פלעגען בעקומען בחנם, כל דכפין, כדי אַ ביסעל גובר צו זײַן דעם שלאָף, ווײַל אַז עס פלעגט קומען אַרום 2—3 אַ זייגער בײַ דער נאַכט, פלעגט מען זיך אָנהויבּען צו פּיקען מיט'ן שפּיץ נאָז, ווער אָן טיש און ווער אַפילו אָן שפּיץ פון זײַן נאָדעל; און דאָ פלעגט מען זיך נעהמען צו די שמעק-טאַבּאַק און עס פלעגט זיך אָנהויבּען באַלד אַ ניסערײַ איבּער'ן שטוב, אַז דעם בעל-הבית'ס קינדער פלעגען זיך אויפכאַפּען ניט טויט, ניט לעבעדיג... (לאַכט שטיל).

1-טער אַרבּייטער: איז היינט פאַרט אַ בעסערע וועלט, און אָנשטאָט צו נעהמען שמעק-טאַבּאַק — מאַכט מען אַ שטרײַק...

דבשה (וועלכע האָט זיך די גאַנצע צײַט צוגעהערט צו'ם שמועס): נו, און וואָס דערלעבט מען שוין היינט מיט די שטרײַקען איצטערע? אָט נעהסטו אום, מײַן זוהן, באַלד אַ חודש צײַט לעדיג, און וואָס וועסטו אויספיהרען? דער טאַטע דערווײַל האָרעוועט, נעבּיך, גאַנצענע טעג, זיצט נאָך האַלבּע נאַכט, ווײַל פריהער פלעגט זײַן דײַנע 5 רובל אַ וואָך, און איצטער מוז דערווײַל דער אַלטער טאַטע ברעכען די בּיינער (נפתלי דריקט אויס אונצופרידענהייט) און אַזוי פיעל האָרעווען, און אויף דער עלטער איז דאָך אַזוי שווער...

**1-טער אַרבייטער** (שלאָגט זי ראש איבער. עטוואָס פערשעמט און פערענטפערענדיג זיך): איך האָב דאָך דעם טאַטען ווי-פיעל מאָל געבעטען, ער זאָל מעהר ניט אַרבייטען ווי אַלע מאָל, אֶמת, טאַטע? איך וואָלט מיר ווי עס איז אַנ'עצה געגעבען, ווייל אַז עס וועט זיך ענדיגען דער שטרייק ביי אונז, וועל איך דאָך בעקומען בעצאָהלט פאַר דער גאַנצער צייט (שפּרינגט אַראָב פון טיש), איז וויל אָבער דער טאַטע אַליין ניט; דער טאַטע זאָגט, אַז ער האָט גאָר פערגניגען פון דעם, וואָס ער אַרבייט איצטער מעהר ווי אַלע מאָל, ניט אֶמת, טאַטע?

**אַברהם'ציג**: ר' נפתלי האָט דאָס מיר אויך געזאָגט.

**נפתלי** (לעגט אַוועק אויפ'ן טיש די אַרבייט): געוויס, געוויס! איך האָב איצט אַ גרויסע הנאה פון מיין אַרבייט. און ווייסט איהר פאַרוואָס? ווייל איך וויים — איך טהו עפּעס אויף... דאָס גאַנצע לעבען ב"ה האָט מען געפּראַצעוועט ווי אַ פערד נאָר צוליעב דעם ביסעל האָבער, און מען האָט אֲפילו קיין שכל ניט געהאַט צו פער-שטעהן, אַז מ'איז דאָס פערד... און די אַרבייט איז דאָס בע-צאָהלט פאַר'ן האָבער. איצטער וויים איך, אַז ס'איז עפּעס פאַר וואָס!...

**אַברהם'ציג**: איהר מיינט, ווייל איהר העלפט אייער זוהן אין שטרייק?

**נפתלי** (בעגייסטערט): אַודאי! פערשטעהסט, אַרום איז אַזאַ גרויסע וועלט, וואו מענשען זוכען, ווילען וואָס דערגרייכען; עס פיהרען זיך מלחמות צווישען שוואַכע מיט שטאַרקע, און איך, נפתלי דער שניידער, זיין 60 יאָהר און נעה הויזען, און נאָרניט — ס'איז ניט מיין דאגה געוועזען, איך בין דאָס „פערד" אויף דער וועלט און דאַרף נאָר בייגען מיין קאַרק פאַר... פאַר... איך פרעג מיר אַמאָל אַליין: אַלטער נאַר איינער, וואָס האָסטו אָנגעלעבט אויף דער וועלט? האָסט גענעהט הויזען און געגעסען האָבער, געגעסען האָבער, כדי קאָנען ווייטער נעהען הויזען... (קירצע פּאַויזע) נאָר אָט די יונגע, זאָלען געזונד זיין (ווייזט אויף די אַרבייטער), זיי עפענען אַ ביסעל די אויגען, האָטש אויף דער עלטער. ניין! דאָס איז מיר דאָס איינציגע מאָל אין לעבען, וואָס איך ווייס, אַז מיט מיין הויזען טהו איך וואָס עס איז אויף; איך העלף עפּעס אויך

אויספּיהרען אַ זאַך, אַ רעכטע זאַך, און די אַרבייט איז מיר טאַקי איצטער געשמאַק. (צום זוהן) אָ, ווען דיין טאַטע וואָלט געוועזען איצטער אַ יונגער מאַן!...

אַ ב ר ה ם׳צ י ג (קלאַפּט דעם 1-טען אַרבייטער איבער די פּלייצעס): נו, וואָס זאָגסטו אויף דעם אַלטען? ער איז דאָך גאָר פון די אַפּיקורסים!

1-ט ע ר אַ ר ב י י ט ע ר: איך האָב שוין לאַנג געוואוסט. דער טאַטע מיינער איז אַלע מאַל געווען פון די בעוואוסטזיניגע אונצופריעדענע.

נ פ ת ל י (ציהט אַריין אַ פּאָדים אין נאָדעל): אפשר קאָן מען זיין צופריעדען מיט דעם, וואָס אין 50 יאָהר האָב איך אפשר 10 טויזענד פּאָר הויזען בעשאַפען. איך ווייס ניט, אפשר אין גן-עדן וועט מען מיר דערפאַר בעצאָהלען, נאָר דאָ אויף דער וועלט האָט מען מעהר ווי האָבער ניט געגעבען... (קאָן ניט אַריינציהען די פּאָדים און ווענדעט זיך צו דעם 1-טען לעהר-יונגעל). נאַ, שלמה׳קע, דו האָסט יונגערע אויגען.

1-ט ע ר ל ע ה ר - י ו נ ג ע ל (נעהמט די נאָדעל מיט פּאָדים): מיט דעם, ר׳ נפתלי, וועל איך אויך העלפען צום שטרייק. (צום 2-טען לעהר-יונגעל) נו, ווען וועלען מיר זוכה זיין, דו זאָלסט געהן עפּעס אַ גאַנג?

2-ט ע ר ל ע ה ר - י ו נ ג ע ל (שאָקעלט זיך צו אַ ביסעל): אָט, אָט, אָט!

א ב ר ה ם׳צ י ג: איז זאָגט איהר, ר׳ נפתלי, אַז אין גן-עדן וועט מען אייך אפשר בעצאָהלען, און ווען עס איז אַזוי — וואָלט איהר זיך בעגנוגענען?

ד ב ש ה: הערט אויף, קינדער, איך בעט אייך, צו רעדען וועגען אַזעלכע זאַכען. מ׳איז ב״ה אַזוי אויך גענוג זינדיג.

1-ט ע ר ל ע ה ר - י ו נ ג ע ל: נו, נו, וועסט שוין פאָרט געהן אַמאָל אַ גאַנג?

2-ט ע ר ל ע ה ר - י ו נ ג ע ל: אָט, אָט, אָט!

1-ט ע ר אַ ר ב י י ט ע ר (זעצט זיך צוריק אויפ׳ן טיש): די מאַמע

שרעקט זיך אַלע מאָל, מ'זאָל, חלילה וחס, ניט זאָגען נאַרנישט, און נישט נאָר ענטקעגען גאָט — מען זאָל אַפילו ניט רעדען וועגען אונזערע גוטהערציגע בעלי־בתים.

נפתלי (לאַכט): איך האָב אַפילו ניט געטאָרט זאָגען אין מיין לעבען אַז ווען איך זאָל פערדינען 10 רובל אַ וואָך, וואָלט איך גאַנץ געווען בעסער.

דבשה (נאַאיוו): אַז זאָגען העלפט ניט, היינט צו וואָס זאָל מען נאָר זינדיגען. וויפיעל גאָט ניט, דאַרף מען זיך בעגנוגענען.

1־טער ארבייטער: מאַמע, און אַז ער ניט אַ שטרייק, (איראָניש) דאָס איז דאָך אויך פון גאָט, אָדער ער ניט אַ שלעכטע האַנד?

1־טער לעהר־יונגעל (פון האַמקע): איז, אמרו לאֱלהים — שרייט מען צו דער וואַנד...

דבשה (גוטמוטהיג): שלמה'קעלע, רעד דאָרטען נישט קיין לצנות!

אברהם'ציג (צום 1־טען ארבייטער): ווייסט, דיין מאַמע האָט ערשט געזאָגט אַ גוט וואָרט. זי זאָגט, אַז זאָגען העלפט ניט.

דבשה (פראָסט): אַוודאי אַזוי.

אברהם'ציג: נו, אַז זאָגען, ד. ה. ווערטער העלפען ניט, מוז מען דאָך טאַקי עפּעס רעעלעס טהון, אום זיך צו העלפען.

נפתלי (לאַכט): מיין דבשה איז אַ ביסעל ווייטליך פון פילאָזאָפיע.

1־טער ארבייטער: די מאַמע האָט אָבער אידר איינענע פילאָזאָפיע.

דבשה: אַ דאגה דיר, מיין קינד. אָט גיה בעסער אַראָב פון טיש. איך האָב דיר שוין אַמאָל געזאָגט, אַז מען זיצט נישט אויף אַ טיש.

1־טער ארבייטער (פרעהליך): מאַמע, אין אַמעריקא לעגט מען אַפילו אַרויף די פיס אויפ'ן טיש. (ווענדעט זיך צום 1־טען לעהר־יונגעל) אַרויסגעהאַפּט ביי דיר אַ גראַם.

**נפתלי** (איראָניש): האָסטו אַ דאגה! לאָז ער זיצען, הערסט דאָך, אַז אין אַמעריקא איז דאָס אַ מאָדע (לאַכט).

**1-טער לעהר-יונגעל** (הויבט זיך אויף פרעהליך פון זײַן אָרט): אָט אַג'עק! אַרײַנגעשאָטען. אַ, אַ!... און געגוג שוין.

**2-טער לעהר-יונגעל**: איך האָב אָבער חרטה פון דעם גאַנג.

**1-טער לעהר-יונגעל**: זאָל שוין גלאַט זײַן געגוג. איך האָב געהערט, מען האָט מיר שוין דאָ אײַנטערגעשלאָגען פּרנסה און אַרויסגעהאַפּט בײַ מיר אַ גראָס, און אַלץ צוליעב דער דאַמקע. אָט לאָמיר בעסער עפּעס טהון. (ווענדעט זיך צו נפתלי׳ן) איהר דאָט, ר׳ נפתלי, אפשר פאַר מיר נאָך אַ נאָדעל-פאָדים אַרײַנצוציהען?

**נפתלי**: אַי, איך האָב פאַר דיר טאַקי אַנ'אַרבײַט. איך דאַרף אַ פּאָר לײַסטען צו קליידער אָבשטעפּען. מען האָט מיר (גערעדט זוכען) הײַנט געבעטען. עס ליעגט טאַקי בײַ דער מאַשין דאָרטען. נאָר זעה, מאַך נישט קיין שוסטערשע שטעפּ, ווי דאַן. זאָלסט זיך נישט פערגעסען און מיינען, אַז דו שטעפּסט אַ קאַמאַש.

**1-טער לעהר-יונגעל** (צופריעדען): אָ, איך בין שוין אַנ'אַלטער שנײַדער! (צוגעהענדיג צום מאַשין, נעהמט אָן אַ פּאָזע פון דעקלאַמירען). באַלד ווערט פערלײַנגט אַ אָבנאָווע, אין דער נאָדעל, דער מאַשינאָווע, עס וועט די ראָד רעש'ן, און ס'וועלען זיך שטעפּען קאַמאַשען !.. האָט קיין פעראיבעל ניט, ר׳ נפתלי, איך מיין — לײַסטען. (זעצט זיך בײַ'ם מאַשין. אַלע לאַכען).

**דבשה** (צוגעהענדיג נעהענטער צום טיש): איך בעט דיר מײַן זוהן, געה אַראָב פון טיש. מען טאָר אויף אַ טיש ניט זיצען.

**1-טער אַרבײַטער** (שפּרינגט אַראָב פון טיש): אַז מען טאָר ניט, איז וואָס אַנדערש. (לאַכט).

**1-טער לעהר-יונגעל** (ציהט אַרײַן די פאָדעם אין מאַשין-נאָדעל און זינגט):

„אויפ'ן קאַרק דער סענטימעטער,
געבויגען אין דרײַען — אַ שרעק!
און זײַט איך געדענק איהם: אַלץ נעהט ער,
און ליגט זײַנע קרעפּטען אַוועק."

(פאַנגט אָן צו שטעפּען, און זינגט בשעת מעשה ווײַטער.

„עס לויפען די יאָהרען אַהין,
און נאָך זיצט דער בלייכער געפּוינען,
און קעמפפט מיט אַ רויהער מאַשין".

(עס געהט אַריין אין טהיר דער 2-טער אַרבייטער.

1-טער אַרבייטער (געהט צו צו איהם): וואָס מאַכט מען עפּעס, האָסט וועמען געזעהן?

אברהם'ציג: ע וואָס הערט זיך עפּעס נייעס, העדר שטרייקער?

2-טער אַרבייטער: יאָ, איך האָב טאַקי נייעס, און גאַר רעכטע נייעס. איך האָב עפּעס געהערט אַ סברה, אַז אונזער בעל-הבית זאָל אונז נאָכגעבען אַלע אונזערע פאָדערונגען.

1-טער אַרבייטער: וואו האָסטו דאָס געהערט?

2-טער אַרבייטער: אין גאַס, און עס קען זיין, אַז מען וועט באַלד אונז קומען רופען. יאָ, איך דאַרף אייך גלאַט עפּעס זאָגען. (רופט אָב זיי אָן אַ זייט און שמועסט מיט זיי שטיל).

נפתלי: מיר גלויבט זיך ניט, ער זאָל וועלען נאָכגעבען אַלע זייערע פאָדערונגען.

דבשה (דערפרעהט): זאָל שוין דער אויבערשטער טאַקי געבען אַזאַ לבכות, און זאָל שוין איציק אָנהויבען געהן צו דער אַרבייט.

נפתלי: און אַז איציק וועט נאָך 8 טאָג ניט געהן צו דער אַרבייט איז אויך ניט קיין אומגליק. האָט מען אָנגעהויבען, מוז מען אויספיהרען.

(די אַרבייטער געהען צו צום טיש).

נפתלי: מיר גלויבט זיך עפּעס ניט, אַז מען זאָל אייך נאָכגעבען אַלע אייערע פאָדערונגען. (צום 2-טען אַרבייטער). פון וועמען האָסטו דאָס געהערט?

אברהם'ציג: געהערט האָט ער פון אַ זיכערער קוועלע, און דער בעשולים ביי'ם בעל-הבית אָדער ריכטיגער — ביי זיין בעל-הבית'טע, איז ערשט ניט לאַנג אויסגעבאַקען געוואָרען.

**1-טער לעהר-יונגעל:** איך ווייס, ווער עס האט געקאנט דערצעהלען. דאס מוז וואקסען פון דער שטוב-מעדעל.

**1-טער ארבייטער:** מילא, אויך א נפקא מינא, פון וועמען עס שטאמט, אזוי צי אזוי, אט באלד וועלען מיר וויסען.

**2-טער ארבייטער** (צו אברהם'ציגען): נו און וואס איז ביי דיר, זענט איהר אפשר היינט געוועזן דארטען?

**אברהם'ציג:** ביי אונז איז דערווייל כמו שהיה. ער סטראשעט, אז ער וועט אויסשרייבען אנדערע „שניצער“.

**נפתלי:** דאס איז אבער טאקי מעהר ניט ווי געסטראשעט.

**אברהם'ציג:** עס קען זיין, אז טאקי מעהר ניט ווי געסטראשעט, און עס קען זיין, אז ער וועט דאס טאקי טהון אויך, מען קען אויף איהם אלעס גלויבען, נאר מיר פראלעטארייער קעמפפען געגען אלע מיטלען פון אונזערע בעלי-בתים.

(עס קומען אריין אין טהיר 3 בחורים און אלע כמעט צוזאמען בעגריסען נפתלי'ן).

**איין ארבייטער פון די 3** (ווינקט מיט'ן האנד צום 1-טען ארבייטער און צו די איבעריגע): אויף איין מינוט, מיר דארפען וואס איבערגעבען.

(נאך עטליכע ווערטער אין דער שטיל געהען אלע ארויס פון טהיר. דער 1-טער לעהר-יונגעל שטעפט און זינגט זיך א מאטיוו אהן ווערטער).

**דבשה:** וואס האבען זיי דאס שטענדיג אזוי פיעל סודות צו זאגען?

**1-טער לעהר-יונגעל:** דאס קומט ב"ה אלץ פון מאגען...

**דבשה** (וועלכע האט נישט פערשטאנען, מיט א לייכטען געלעכטער): ניין, שלמה'קע, דו האסט צוגעפאסט א גראם, אבער עפעס אהן טעם (לאכט).

**1-טער לעהר-יונגעל:** אהא, איהר נעהמט דאך אב מיין פרנסה!

**נפתלי** (לאכט): דו האסט איהם, דבשה, נישט פערשטאנען. דער איצטיגער גראם זיינער איז שוין יא געוועזן מיט טעם. גראדע מיעף געזאגט. וואלט ער אלע מאל געזאגט אזעלכע גלייכע זאכען.

(גיעהט צו צום מאַשין, בעטראַכט, ווי עס איז אָבגעשטעלט די לייסט) אַזוי, קינדס, מאַכסט דאָך גאָר נישקשה.

1-טער לעהר-יונגעל: נישט אומזיסט האָב איך אַמאָל אַ גאַנץ יאָהר געוואַשען טעפּלעך ביי אַ שניידער.

(עס געהען אַריין צוריק אין שטוב: אברהם'ציג, 1-טער און 2-טער אַרבייטער).

אברהם'ציג (צו ביידע אַרבייטער): געוויס אַזוי, נישט אויף איין האָר אָבטרעטען. פּרינציפּיעל מוז דאָס אַזוי זיין.

1-טער ארבייטער: פערשטעהט זיך.

(אין טהיר געהט אַריין אַ יונגעס שטוב-מעדכען, געהט צו עטליכע טריט און בלייבט שטעהן פערשעמט).

1-טער לעהר-יונגעל (לוסטיג): אָהאָ, אַ גאַסט, ר' פעשקע אַליין איז דאָ!

דאָס מיידעל (פערשעמט. ווייזט אויף דעם 1-טען לעהר-יונגעל): ער פּראָוועט שוין דאָ זיינע שטיקעס. (צום 1-טען אַרבייטער): דער בעל-הבית האָט געבעטען, איהר זאָלט צו איהם באַלד אַריינקומען.

1-טער ארבייטער: צוליעב וואָס — האָט מען אייך נישט געזאָגט?

דאָס מיידעל: ניין, נאָר די בעל-הבית'טע האָט געזאָגט, איהר זאָלט גלייך קומען. האָט אייך אַ גוטען טאָג. (זי נעהמט געהן צו דער טהיר).

דבשה: וואָס איילסטו, פעשקע? זיין אַ ביסעל. וואָס מאַכען עפּעס דיינע בעלי-בתים?

דאָס מיידעל: איך דאַנק אייך, דבשה, נאָר איך האָב זיך שוין אַ ביסעל פערזאָמט אין גאַס. אַ גוטען (געהט אָב).

נפתלי (ווען דאָס מיידעל איז אַרויס): אַלזאָ, איז דאָס טאַקי אמת. געהט אַריין, נאָר לאָזט זיך, קינדער, נישט פערנאַרען.

אברהם'ציג (מיט אַ בעזונדערן אקצענט): אַ ודאי נישט, ר'

נפתלי. (דער 1־טער אַרבײַטער זוכט עפּעס אין זײַן קעש־בעלע צווישען די פּאַפּירען).

נפתלי: און טאָמער וועט מען דאַרפען נאָך אַ פּאָר וואָכען האַל־טען דעם שטרײַק, איז מײַן איציג וועט האָבען וואָס צו עסען, פאַר האָבער אַלײַן דאַרף מען זיך נישט פערקויפען.

דבשה (שאָקעלט מיט׳ן קאָפּ): אַז דער אַלטער איז נישט בעסער פאַר די יונגע! נעחײַ וואָלט ער געזאָגט, אַז מען זאָל זעהן ווי עס איז דורכמיטלען זיך. מע מוז דאָס גאָר אײַנגאַנצען אויס־פיהרען? איז...

נפתלי (שלאָגט זי איבער. צערטליך): מײַן דבשה, דו ביזט זעהר אַ וואוילע און אַ גוטע, אָבער אַמאָל שוין אַ צו־גוטע. אַז מע פיהרט אַ מלחמה, מוז מען זי דורכפיהרען ביזן סוף. אַבטרע־טען — הײַסט פערליערען.

דבשה: אָבער מיר, אַועלכע שוואַכע, ענטקעגען לײַבען!

1־טער אַרבײַטער (פון קערבעלע): מאַמע, מיר זענען די שטאַרקע! (דבשה שאָקעלט מיט׳ן קאָפּ).

אברהם׳ציג: די שטאַרקע זענען די, צו וועמען עס געהערט דער זיג.

1־טער לעהר־יונגעל (ביך): און בײַ וועלכע — די גרעסטע עשירות, איז פאַר צווײַ גילדען אַ ציג.

נפתלי (לאַכט): מיר האָט נאָט אָפּילו פון אַזאַ עשירות אויך געהיט.

2־טער אַרבײַטער: מע רעדט נישט וועגען איצטער.

1־טער אַרבײַטער (צוגעהענדיג צום טיש): איך רעכען, מיר זאָ־לען שוין געהן. (טהוט אָן דעם מאַנטעל) פריהער וועל איך נאָך אַרײַנגעהן צו בערל׳ין.

(אין טהיר קומען אַרײַן צוויי יונגע אַרבײַטער).

איינער פון די 2 אַרבײַטער: איהר קלויבט זיך צו געהן? גוט, וועלען מיר דערווײַל געהען צוזאַמען.

נפתלי: געזעגנט זשע קינדער! (אברהם׳ציג טהוט אָן זײַן מאַנטעל).

דבשה: זעה, מיין קינד, מיטעל זיך הורך ווי עס איז, ס'איז א רחמנות אויפ'ן טאַטען, און דיר איז אויך אַ שאָד די צייט.

1-טער לעהר-יונגעל: מיר וועלען אויך געהן.

1-טער ארבייטער: גוט, אָבער ערשט אין אַ מינוט 20, ווייל מיר געהען נישט גלייך אהין.

(אַלע, אויסער די צוויי לעהר-יונגלעך, געזעגענען זיך אָב און געהען אַוועק; הינטער דער טהיר הערען זיך זייערע שטימען. דער 2-טער לעהר-יונגעל געהט צו צו'ם מאַשין און רעדט שטיל מיט'ן 1-טען לעהר-יונגעל).

נפתלי: יוגענד — דאָס איז אַ שטאַרקע זאך, עס איז דאָ אַזוי פיעל לעבען (סערקלערט). און מיר זענען דאָך אַמאָל אויך יונג געוועזען...

1-טער לעהר-יונגעל (קעהרט זיך אָב מיט'ן געזיכט צו נפתלי'ן): אַ קלוגע וועלט היינט, ר' נפתלי. אַ קלוגע צייט!... (פאַנגט אָן צו שטעפען און צו זינגען).

פאָרהאַנג.





# ווייטער אקט.

## (וואַרשאַוואַ).

א קליינע מאַסטערסקאַיע פון א קאַמאַשען-שטעפּער, בײַ דער וואַנט ליִנקס, בײַ די 2 פענצטער שטײַ, צו 2 שטעפּ-מאַשינען, נעבען די מאַשינען — 2 טישען, אויף וועלכע עס ליגען אָנגעוואָרפען צוגעשניטענע שטיק לעדער. אנטקעגען אין דער מזרח וואַנט — א נידעריגע טיר אין פֿירהויז. רעכטס א שמאָלע טיר אין קאַמער בײַן אויווען, נאָך דער קאַמער טיר, זיצט דער בעל-הבית, אָנגעשפּאַרט אויף א [illegible] שטול.

נעבען איהם שטעהט זײַן פֿרוי און מענת'ס.

**די פרוי** (צום מאַן): איך האָב זיי טאַקי געשיקט רופען, וואָס רעדען? און באַלד, מסתמא, וועלען זיי שוין קומען צוגעהן. געהן זאָלען זיי אויף קוליעס, האַרציגער! איך בעט דיר, מאַך שוין מיט זיי, שלים-מזל אייגער, אַנעק, אַנעק זאָל שוין נעהמען. זעה, ווי עס איז קום שוין דורך מיט זיי, און זעה דערהויבט, זיי זאָלען זיך זעצען צו דער אַרבײַט, און נאָכדעם וועט זײַן, ווי איך האָב דיר געזאָגט... דערווײַל מוז מען דאָך זעהן די סחורה אַרויסשיקען האָטש צום צווייטען טערמין. און דער ליפּאָוועצער סוחר בעדרואַרפט דאָך דיר אויך מיט בריוולעך. אַלזאָ, הערסטו! זאָג זיי צו, אַז דו גיבסט זיי נאָך אַלע זייערע פאָדערונגען, זאָלען זיי שוין, רבונו-דער-האַרציגער, געפאָדערט ווערען, וואָס איך וויים! שוין א חודש צײַט אַז מען אַרבײַט נישט, בײַ זיי איז דאָס א יום-טוב'ל, און דאָ איז א טאָג פאַר א טאָג, ביז מען קאָן דאָך, חלילה, מיט דער טאָרבע אַוועק!

דער בעל-הבית: אָבער זאָג אַליין, קאָן מען דען נאָכגעבן אַזעלכע משוגע'נע פאָדערונגען? פערשטעהסט אַ פנים? כ'מיין האַלטען אַ מאַסטערסקאַיע, אפשר כדאי, וואָס? וואָרים, מ'שטיינס געזאָגט, וואָס מע קאָן שוין נאָכדעם עפּעס דערלעבען!

די פרוי: מע רעדט, מע רעדט מיט דיר, גולם איינער, אַז דאָס האַרץ צופּלאַצט, און ער, דער תם: „האַ!" „וואָס?" — איך האָב דאָך דיר, דאַכט זיך, דייטליך געזאָגט: דו זעה נאָר, אַז זיי זאָלען זיך זעצען צו דער אַרבייט, און ווייטער — איז גאָט אַ פאָטער! האָסטו שוין פערשטאַנען? זאָלען זיי זיך זעצען — פערזעצט זאָלען זיי ווערען, האַרציגער, וואו איך ווייס, — צו דער אַרבייט, און נאָכדעם איז, אויב דו ביזט אַ שלים-מזל, וועל איך שוין זעהן... מע דאַרף דאָך צו'ם געזונד האָבען אַ ביסעל מה איך... (עס געהען אַריין דער 1-טער און דער 2-טער אַרבייטער. די פרוי מיט אַ צופריעדענער מינע צו די אַרבייטער): אָ, געסט! מע דאַרף, כ'ליעבען, די אייווען צובּרעכען! איך האָב טאַקי גערעכענט, אַז איהר וועט היינט קומען.

דער בעל-הבית (צו די אַרבייטער): טאַקי אין אמת, גוט וואָס איהר זענט געקומען (הייבט זיך אויף פון שטוהל און געהט צו צו זיי). מסתמא וועט איהר עפּעס וואָס גוטעס זאָגען. וואָס האָט איהר ביז יעצט מורא געהאַט אַריינצוקומען? מ'איז דאָך חלילה נישט כ'וויי וואָס? (אַ קליינע פּאַוזע) נו, אַלזאָ, זענט איהר געסט. זעצט אייך, און מיר וועלען אַ ביסעל שמועסען (די פרוי זוכט בענקלעך). איך רעכען, אַז איהר זענט מסתמא געקומען זעהן מאַכען עפּעס אַ שטיקעל טאָלק, און עס איז שוין טאַקי צייט אויך, בנאמנות; האַ, ווי זאָגט איהר, נישט אַזוי?...

דער 1-טער אַרבייטער: מיר ווייסען גאָר נישט, מען האָט אונז געשיקט רופען...

דער בעל-הבית (אַ ביסעל פערלעגען): הם... ס'קאָן זיין... יאָ, איך האָב פערגעסען, מיין דבשה-יאַהנע, געזונד זאָל זי זיין... (פערהאַפט זיך, טרעפענדיג דער פרוי'ס בליק) איז טאַקי גוט וואָס איהר זענט געקומען, ווייל איך וועל אייך זאָגען דעם אמת, איך האָב מיר בעטראַכט, אַז עס געהט נישט, איהר פערשטעהט? ס'איז היינט אַנ'אַנדערע וועלט פאָרט, יעדער וויל דערגרייכען היינ-

מיגע צייטען, ווי מע זאָגט, די בעסטע דאָליע, און איך האָב גלאַט פֿײַנד די שטרײַקען, וואָרום, אין דער אֱמת'ן, קאָן מען דען זיך אַזוי נישט דורכמיטלען אויפֿ'ן בעל־הבתי'שען אופֿן? נאָר קורץ, ס'איז בײַ מיר געבליבען: איך וועל אײַך דאָרטען נאָכגעבען אַ ביסעל אײַערע פֿאָדערונגען, און זעצט אײַך צו דער אַרבײַט מיט הַצלחה, און געדענקט דאָס, אַז מיט גוטען מיטעלט מען זיך מיט מיר שטענדיג דורך, ווײַל ווײַס בין איך דען וואָס?...

**די פֿרוי** (גייט צו די אַרבייטער): דאָס האָב איך דאָך די גאַנצע צײַט געשריען: געוואַלד, איהר קענט נישט מײַן מאַן! נאָר מיט גוטען, נאָר מיט גוטען, האָב איך געשריען, וואַרט, האָב איך געזאָגט, און מיט גוטען, האָב איך גע'טענה'ט, וואָלט ער אײַך אַלץ אַליין נאָכגעגעבען, אַלץ — בײַ מײַנע נאמנות; ער האָט מיר אֲפילו וויפֿיעל מאָל געזאָגט: ס'אַרא נאַראָנים, זאָגט ער, ניהײַ וואָלטען זיי אַרײַנגעהן, זיי דאַרפֿען דאָך אַ ודאי האָבען עפּעס געלד, וואָרום וואָס, מיר זענען דאָך עפּעס נישט אַבי ווער!... (צום מאַן) אָט זאָג זיי אין די אויגען...

**דער בעל־הבית** (מורמעלט פֿאַר זיך ניט זיכער): נישאַקי אַנ'אמת!

**1־טער אַרבייטער**: זעהר גוט און פֿײַן, אָבער מיר האָבען דאָס שוין געהערט נישט איין מאָל. די זאַך איז אָבער קורץ: גיט איהר אונז נאָך אַלע פֿאָדערונגען, בײַ וועלכע מיר זענען געבליבען דעם לעצטען מאָל? איהר זײַט איינשטימיג מיט אַלע פּונקטען? (עס קומען אַרײַן די צוויי לעהר־יונגלעך און, אַזוי ווי אַרײַנגע'גנב'עט, געהען זיי שטיל צו צו די אַרבייטער).

**2־טער אַרבייטער**: ווען נישט מיט אַלע פּונקטען, האָבען מיר נישט וואָס צו רעדען.

**דער בעל־הבית**: הם... ווײַטער מיט אַלע!... דאָס הייסט?

**די פֿרוי** (שלאָגט איבער דעם מאַן. גיך): מיט אַלע, מיט אַלע, נישטאָ מעהר קיין רעד. (צום מאַן) זאָג זשע שוין זיי פֿראָסט: אַלע, אַלע, אַלע, און יוצא! אָבגעמאַכט, איז אָבגעמאַכט. מען גיט אײַך אַ וואָרט און זעצט זיך צו דער אַרבײַט.

**1־טער אַרבייטער**: און וועגען בעצאָהלען פֿאַר די צײַט פֿון שטרײַק זענט איהר אויך מסכים?

די פרוי (מוטערליך): קינדער בלייבען פונדעסט קינדער! מען האָט דאָך אייך נאָך דערמאָלט געזאָגט, אַז וועגען דעם וועט מען זעהן ווי עס איז דורכקומען.

1-טער אַרבייטער: ווי עס איז — טויג נישט.

2-טער אַרבייטער: מיר ווייסען שוין, וואָס הייסט: „ווי עס איז".

די פרוי (האַסטיג): טאָ זאָל שוין זיין, ווי מיין מאַן האָט געזאָגט, אַז מען זאָל זיך פערלאָזען אויף מענשען. איהר האָט דאַן מסכים געווען.

דער בעל-הבית: ניטאָקי, ווי מענשען וועלען צופּסקענען!

די פרוי (צום מאַן. גיך): טאָ זאָג זשע זיי קלאָרע דבורים, אַז ווי מענשען וועלען געפינען, אַזוי וועסטו בעצאָהלען.

(ביידע אַרבייטער זעצען זיך אַ קורצע צייט שטיל מיישב).

1-טער אַרבייטער: אַלזאָ, גוט. וועגען דעם זענען מיר מסכים, ווען איהר גיט אונז אייער וואָרט, אַז איהר וועט פאָלגען דעם פסק-דין, וואָס מענשען וועלען געפינען. און ווייטער, אָבער, זענט איהר מסכים מיט אַלע פאָדערונגען?

2-טער אַרבייטער: למשל, וועגען די לעדער-יונגלעך: פערבעסערן זיי דאָס עסען און אַזוי ווייטער...

די פרוי (האַקט איבער, כמעט ווי מיט געוויין): גאָט, מיין גאָט! דאָס האַרץ צופּלאַצט שיער נישט! געזאָגט, איז דאָך געזאָגט, און נישט געבליבען. און מיט די לעדער-יונגלעך איז דאָס גלאַט, זאָג איך, אַניאיבעריגע זאַך, וואָרים אַזאַ יאָהר אויף אונז אַלעמען, ווי איך פלעג זיי היטען ווי אייגענע קינדער, ווי אַ גאַנץ אייגענע מוטער!

1-טער לעהר-יונגעל (פאַר זיך, אָן אַ זייט): ממש אויף זעמעל מיט פּוטער...

1-טער אַרבייטער (צום בעל-הבית): וואָס איז די פעולה פון רעדען. געדענקט איהר די הויפּט-פאָדערונגען? — 10 שעה דער אַרבייטס-טאָג, 10 פּראָצענט העכערן די שכירות און...

**דער בעל-הבית** (האקט איהם איבער): איך געדענק, פארוואס זאל איך נישט געדענקען? 10 שעה, 10 פרעמיגט, נישט צוגעהמען, נישט אפזאגען אהן אייער ידיעה, גוטע בעהאנד...

**די פרוי** (שלאגט איהם איבער אינגעדולדיג): הארציגער! אלע, אלע, אלע! איין מאל געזאגט.

**דער בעל-הבית** (מיט פרעטענזיע, צו דער פרוי): לאז מיר אויך עפעס אויסרעדען א ווארט. איך וויל טאקי איבערחזר'ן...

**די פרוי** (גיך. מיט די הענד): חזר'ן, חזר'ן! דאכט זיך, א גאנצען חודש בין איך שוין טויב געווארען פון חזר'ן.

**דער בעל-הבית** (שטייפער): א ודאי וויל איך, עס זאל זיין קלאר, יאסנע זאל עס זיין. אנהייבען מיט ארבייטער!... נאכהער וועלען זיי מיר ווידער דרעהען א קאפטור, אט אפילו מיט די שנעקעס (ווייזט אן אויף די לעהר-יונגלעך) דארף מען אויך יאסנע רעדען.

**1-טער ארבייטער**: וואס איז דאס פאר א ווערטער: „שנעקעס"?

**די פרוי** (מיט אימפעט, צום מאן): אבער ווער שוין שטום, רבונו דער הארציגער! (צו די ארבייטער) נישטא, נישטא קיין שנעקעס, ער, איך (ווייזט אן אויף א לעהר-יינגעל און אויף זיך) אלע זענען מיר גלייך! נאר זאל שוין זיין גענוג צו רעדען. זעצט זיך צו דער ארבייט און יוצא. מען גיט אייך נאך די פארערונגען אלע, אלע, אלע!...

**1-טער ארבייטער**: מיר וואלטען פערלאנגט, איהר זאלט דאס אונז אויפ'ן פאפיער שריפטליך געבען.

**ביידע לעהר-יונגלעך** (צוגלייך): נאר אויפ'ן פאפיער.

**דער בעל-הבית**: וואס הייסט אויפ'ן פאפיער?

**די פרוי**: מיין גאט, מיין הארציגער! הערסט א ביסעל? א שעה, אז מען טאלקעוועט, אהן כחות בין איך שוין געבליבען, און צום סוף — נא דיר, הייבט זיך דאס אן פון דאס ניי. (צום מאן, בעסעהלענד): זאג זשע שוין דייטליך, איי, שלים-מזל, אז דו ניבסט זיי נאך אלע, אלע, אלע!...

2-טער אַרבּייטער (געלאַסען): דאָס איז נאָך וועניג פאַר אונז. מיר פערלאַנגען טאַקי, איהר זאָלט דאָס אונז געבּען אויפ׳ן פּאַפּיער.

1-טער אַרבּייטער: אַ ודאי נישט אַנדערש ווי אויפ׳ן פּאַפּיער.

דער בּעל-הַבּית (קוקט נישט זיכער אויף זיין פרוי): המ... כ׳לעבּען, פּאָרט נאָך מיט די נאַרישקייטען. וואָצו איז דאָס נעטיג, שוין זשע!... און וואָס זאָל מען שרייבּען?

1-טער אַרבּייטער: ס׳איז שוין דאָ אַנ׳אויסגעשריבּענער פּאַפּיער.

די פרוי (ווייך, מוטערליך): נו, זאָגט אַליין, קינדער. פּאַפּיער, שמאַפּיער, איז דאָס שטיקעל פּאַפּיער שוין מעהר בּטוּחַ ווי מיין מאַן?

2-טער אַרבּייטער (מיט אַ שמייכעל): ס׳קאָן זיין!

1-טער אַרבּייטער: אָט האָבּ איך דעם נוסח. (נעהמט אַרויס פון בּוזעם-קעשענע אַ צוזאַמענגעלעגט פּאַפּיער).

די פרוי (מיט אַ געמאַכטען שמייכעל): קינדער בּלייבּען קינדער!

דער בּעל-הַבּית (קוקט מיט אַ פראַגע אויף זיין פרוי): המ... המ!...

1-טער אַרבּייטער: איך וועל אייך, אויבּ איהר ווילט, איבּערלעזען, און איהר וועט נאָר אונטערשרייבּען.

דער בּעל-הַבּית: המם... המ... קאָך!

1-טער אַרבּייטער: זאָל איך איבּערלייענען?

די פרוי (נאָכדעם, ווי זי האָט זיך עטוואָס מיישב געווען, האַסטיג צו׳ם מאַן): ס׳אַרא דאגה דיר איז, אויך אַ נפקא-מינה, אויף פּאַפּיער, איז אויף פּאַפּיער. מילא, שרייבּ זיי אונטער. גערעדט איז נישט געבּילען.

דער בּעל-הַבּית (נישט ענטשלאָסען): מילא, אונטערשרייבּען איז אונטערשרייבּען; אַ ודאי שאַדט נישט, עס זאָל זיין יאַסנע, יאַסנע זאָל עס זיין, נאָר ווי, טאַקי אויף אַלע פּונקטען? אפשר זיך פריהער נאָך דורכשמועסען?...

די פרוי (האפט אַרויס דאָס פּאַפּיר פון דעם אַרבייטער'ס האַנד און שטופּענדיג עס דעם מאַן אין האַנד): אוי, שלים-מזל איינער! געזאָגט אינטערשרייבען — איז אונטערשרייבען!

1-טער אַרבייטער: וואַרט, איך וויל אייך פריהער איבער-לייענען.

דער בעל-הבית (האַלטענדיג אין איין האַנד דאָס פּאַפּיר און מיט דער אַנדערער זוכענדיג די ברילען): מען דאַרף נישט; ס'אַרא דאגה, איך וועל אַליין דורכקוקען. איך געדענק דען נישט? 4 פונקטען [...]הט צו צו'ם פענסטער), איך מיין, 5 פונקטען. (נעהמט פונאַנדער דאָס פּאַפּיר און קוקט דערין דורך די ברילען).

די פרוי (לויפענדיג אין דער זייטיגער טהיר, אין קאַמער): אָט איך האָב דעם טינטער. געדענקסט נישט (צו'ם מאַן), וואו די פעדער איז? (ווערט פערשוואונדען אין קאַמער).

די פרוי (פון קאַמער): וואו איז די מרשעת, זאָל זי פערברענט ווערען! איך שריי שטענדיג, מען זאָל אויפ'ן קאָמאָד די מילך נישט שטעלען, הילך און גרילך זאָל זי ווערען! און די פעדער מוז זי, מיין שרייבערקע, אַלע מאָל אין דער הויך לעגען, זאָל מען שוין איהר, רבונו דער האַרציגער!... אָט האָב איך שיער ניט אויסגעגאָסען דאָס גאַנצע טעפּעל מילך! הערסט, אַ פעדער זאָל מען דאַרפען פון דער הויך קריכען אַראָבנעהמען? (געהט אַרויס פון קאַ-מער מיט אַ טינט און פעדער אין דער האַנד). נאַ דיר שוין אַ טינט און פעדער; ס'אַרא מרשעת דאָס איז — אַ קוואַרט מילך שיער נישט אויסגעגאָסען!

דער בעל-הבית (נעהמענדיג די פעדער און צוגעהענדיג צו'ם עק טיש): הייסט עס, אונטערשרייבען, מילא, אונטערשריי-בען. (שפּאַרט זיך אָן אויפ'ן עק טיש, טינקט איין די פעדער און פונאַנדערנעהמענדיג דאָס פּאַפּיר, ציהט ער פאַר זיך די ווערטער, בעת ער שרייבט: אונ-טער שריי-בע-ען, אונטער שררר-בבען. די אַרבייטער נעהען צו צו איהם און קוקען, ווי ער שרייבט זיך אונטער).

דער בעל-הבית (ניט איבער דאָס פּאַפּיר די אַרבייטער). נו,

מילא, זאָל זײַן, ווי איהר ווילט. (ווישט אָפּ דעם שטערן פון שווייס).

די פרוי (מיט א פרום געזיכט): נו, זאָל שוין זיין מיט מזל, מיט גליק. אונטערגעשריבען, איז אונטערגעשריבען. איהר וועט דאָך, מסתמא, נאָך היינט זיך זעצען צו דער אַרבייט. ס'איז דאָך אַ האַלבער טאָג אויך אַן עבירה!

1-טער אַרבייטער: מאָרגען פריה וועלען מיר קומען. דער-ווייל אַ גוטען טאָג אייך. (געהט צו דער טהיר. דער 2-טער אַרבייטער נעהמט איהם נאָך).

2-טער אַרבייטער (צו די לעהר-יונגלעך, געהענדיג פאַרביי). נו, און איהר געהט אויך מיט?

1-טער לעהר-יונגעל: אַט גלייך מאַך איך טריט. (זאָגט עפּעס דעם צווייטען לעהר-יונגעל, פון וואָס יענער לאַכט).

דער בעל-הבית: וואָס איילט איהר אַוועקצוגעהן?

די פרוי: וואָס איז דאָס טאַקי פאַר אַזאַ איילעניש?

ביידע אַרבייטער (כמעט צוזאַמען): מיר מוזען נאָך אין דער היים וואָס בעזאָרגען.

די פרוי: דערייבער ברענט עס אַווי? זיצט נאָך אַ ביסעל, איהר וועט דאָך, חלילה, נישט אין אָסטראָג.

דער בעל-הבית: ג'טאַקי! אַט דערצעהלט, וואָס הערט זיך עפּעס נייעס אויף דער וועלט, וואָס שרייבען עפּעס אייערע צייטונגען?

1-טער לעהר-יונגעל (ניך): נייעס איז אין די צייטונגען, אַז עס איז אַ שלעכט וועטער.

1-טער אַרבייטער (לאַכט). ט, אַט האָט ער אייך דאָך גע-זאָגט.

די פרוי (זיפצט): וואָלט שוין גאָט געגעבען, עס זאָל זיך עפּעס נעהמען אַ ביסעל אויספּאַנאַדיען זיך. (שאָקעלט מיט'ן קאָפּ און זיפצט).

1-טער אַרבייטער (מיט אַ לייכטען שמייכעל): וואָס זיפצט איהר

אַזוי? פאַר אייך איז אֶפשר גאָר נישט אַזאַ מעלה, עס זאָל זיך אויספאָנאַדריען. אין דער פינסטער איז אַמאָל אֶפשר בעסער...
(האַקט זיך אָב).

1-טער לעהר-יונגעל (ענדיגט ניך): עקספּלואַטאַציע מאַכען גרעסער...

1-טער אַרבייטער (לאַכט. צום 1-טען לערר-יונגעל): נישט דאָס האָב איך געוואָלט קאָנצען.

די פרוי (מיט פּרעטענזיע): וואָס רעדט איהר דאָס אַזעלכע ווערטער, ווער זענען מיר דאָס, דאָך נישט עפּעס חלילה ווער. (מיט אַ וויינענדיגען קול) עס ווערט דאָך פערנאָסען אַזוי פיעל אונשולדיג בלוט!...

דער בעל-הבית: נשאַקי, מיר זענען דאָך אויך לעבעדיגע מענשען און ליידען ב"ה גלייך מיט אַלעמען. און די אַמאָליגע גליקען, איז קאָן מען דאָס אויך מנדב זיין... (מאַכט מיט דער האַנד).

2-טער אַרבייטער (האַסטיג): לאָמיר געהן!

(ביידע אַרבייטער געזעגענען זיך און געהען צו דער טהיר).

דער בעל-הבית: איז דערצעהלט איהר טאַקי גאָר נישט?

1-טער לעהר-יונגעל (צוגעהענדיג צו דער טהיר דער לעצטער): הורא! עס לעבע די קאַפּוסטע, די פּעטע, די גוסטע!

(אַלע אַרבייטער געהען אַרויס. אַ קליינע פּאַוזע).

דער בעל-הבית (אַרומגעהענדיג איבער דער שטוב. שטעלט זיך נעבען זיין פרוי): נו, זאָג אַליין, וואָס האָסטו דאָ אָנגעמאַכט? ס'איז, מיינסטו, אַ שפּיעלעכעל? איך האָב דאָך זיי אונטערגעשריבען אַלע זייערע פאָדערונגען, און אויפ'ן פּאַפּיער איז געווען אַ שטעמפּעל פון זייער אָרגאַניזאַציע.

די פרוי (ענטשלאָסען): נו, איז מיט אַ שטעמפּעל, האָסטו זיך דערשראָקען. פון מיינעט וועגען מעג זיין מיט 7 שטעמפּלען. זיי נאָר נישט קיין שלים-מזל, וואָס קאָן אַ קאַץ אַנעק נישט פערבינדען!....

דער בעל-הבית (פאָרדראָסליך): נו, איז נישט פֿערבינדען! איך וואָלט שוין אָבער וועלען זעהן, וואָס דו וועסט אויספיהרען מיט דיינע קונצען.

די פרוי: מיט מיינע קונצען וועל איך אויספיהרען דאָס, וואָס מען דאַרף אויספיהרען!...

דער בעל-הבית (קוועטשט מיט די פּלייצעס): נו, מיר וועלען זעהן. הלואי זאָל גאָט געבען.

די פרוי: אַז מ׳האָט שכל, גיט ער!...

פֿאָרהאַנג



# דריטער אקט.

דאָס זעלבע צימער. שוועבט איבער די טישן הענגען אָנגעצונדענע 2 בלעך-לאָמפּען. בײַ דעם ערשטן טיש שטעהט דער ערשטער ארבייטער און מעסט אויס פֿון א קופּקע קלײנע שווארצע לעדער-שאַגרין, פּאַפּירענע פֿאָרמעס פֿון קאָמאַשן, צייכענט זיי אָן און לעגט אָב אָן א זײַט. בײַם צווייטן טיש שטעהט דער 2-טער ארבייטער און קלעבט אָן צו די צוגעשניטענע קאָמאַשן — ווײַסן לײַװאַנד, קלאַפּט זיי צו עטליכע מאָל מיט א האַמעריל. דער ערשטער לעהר-יונגעל זיצט בײַ'ן מאַשין, לײגט אַרײַן א נײַע אָסנאָווע. דער 2-טער לעהריונגעל שטעהט בײַ'ן טיש נעבען דעם 2-טען ארבייטער און עוסק'ט זיך ארום די פֿאַרטיגע קאָמאַשן. נעבען 1-טען ארבייטער שטעהט דעם בעל-הבית'ס פֿרוי און שמועסט גוטמוטהיג.

די פֿרוי (שאָקעלט מיט'ן קאָפּ): אַט דאָס איז דאָך דאָס אוּנ-גליק טאַקי, וואָס מען גלויבט קײנמאָל נישט דעם בעל-הבית.

1-טער ארבײטער (לאַכט): הא, הא, הא, א ביטערע רחמנות נעביך! (ערנסט) און האָט ווען א בעל-הבית געגלויבט זײַן ארבײטער, אַז יעדער ווערט פֿערמוטשעט בײַ דער ארבײט און זיצט אָהן ברויט?

2-טער ארבײטער (נישט זיכער): דו זאָגסט: ער גלויבט נישט — אַז איהם טאָר גאָר נישט אַרגען, וואָרום מיר זענען דאָך אַלײן עפּעס ווי א מאַשין צו דער ארבײט, וועלכער מען מוז געבען שטײַנ-

קויהלען, כדי זי זאָל קאָנען אַרבייטען. און וועט איינפאַלען אַמאָל א פאַבריקאַנט צו געבען דער מאַשין א פוטער-בראָד! — אַז זי דאַרף דאָס נישט, זי דאַרף נאָר שטיין-קויהלען... (האַקט זיך אָב צומישטערהייט).

1-טער לעהר-יונגעל (לאַכט): האַ, האַ, האַ, גוט געזאָגט.
אָפשר געבען איהר אַלע אין דערפריה א גלאָז טהיי?

2-טער לעהר-יונגעל (לאַכט אויפ'ן קול).

1-טער ארבייטער: עס איז נישט אַזאַ המצאה, ווי ריכטיג.

די פרוי (מיט פרעטענזיע): נאָר וואָס איז די פעולה, אַז איהר רעדט פונקט טאַקי ווי קינדער. איהר קאָנט אַנדערש נישט פערשטעהן און גלויבט, אַז א בעל-הבית האָט נאָר קיינע דאגות נישט, קיינע קאָפּ-זאָרגען, און טהוט נאָר און שלאָפט געלד.

1-טער ארבייטער: צי שלאָפט א בעל-הבית געלד, אָדער שפּעטער, דאָס איז אונז קיין נפקא-מינה נישט; מיר זוכען אונזער לעבען צו פערבעסערן, אַזוי ווי איהר זוכט אייער לעבען אָדער אייערע געשעפטען צו פערבעסערן.

1-טער לעהר-יונגעל (גיך): און די קלוינערס צו פערגרעסערן.

די פרוי (ווייזט גוטמוטהיג אויף דעם 1-טען לעהר-יונגעל): דאָס וועט זיין אַמאָל א ביטערער יונג, אָהאָ! (קליינע פּאַוזע).
אָבער מיין נאָט, מיין האַרציגער! מען מוז דאָך אַמאָל אַריינגעהן אויך אין יענעמס פּאָלאָזשעניע, און שטעלט אייך פאָר, אַז ווען מען זאָל אַרבייטען, צום ביישפּיעל, ביי א בעל-הבית 10 שעה אין טאָג — מוז ער מיט דער טאָרבע אַוועקגעהן, אַז מען קען ניט.....
(די טהיר עפענט זיך עטוואָס אויף, און עס הערט זיך א פרויען-שטימע: בעל-הבית'טע, מיכלע האָט געבראַכט 4 גענז, זי האָט קיין צייט נישט.)

די פרוי (צום טהיר): איך געה, איך געה. (נעהמט געהן, און שטעלט זיך אָב אויף א רגע, ווענדעט זיך צו די ארבייטער):
מען דאַרף דאָך יענעם ניט בעגראָבען אינגאַנצען, עס דאַרף דאָך זיין אביסעל רחמנות אויך... (געהט אָב).

1-טער ארבייטער (גלייך ווי די פרוי איז אַרויס): א קאַפּיטאַל אַנציהערעניש.

2-טער אַרבייטער: מען האָט איהר אפשר געדאַרפט איצטער גלייך זאָגען? (קלאַפּט מיט'ן העמערל).

1-טער לעהר-יונגעל (עוסק'ט זיך אַרום מאַשין און זינגט):

ניט קיין הויז, ניט קיין היים,
דאָס פערמעגען — שמאַטעס...
לעב-זשע לוסטיג, אָהן שום זאָרג,
אַכט ניט אויף די לאַטעס...*)

(קלאַפּט מיט דער מאַשין).

2-טער אַרבייטער: הייסט עס, אַז היינט וועלען מיר אָראָבנעהן 8 אַזייגער פון דער אַרבייט און די 3 שעה פון אונזער פייער-צייט וועלען מיר מעהר ניט אַרבייטען שוין.

1-טער אַרבייטער: געווים! עס איז געווען לכתחילה אַ גרויסע נאַרישקייט, וואָס מיר זענען מרצה געוואָרען ביז איצטער צו אַרבייטען. איך האָב דאָך דיר שוין דערצעהלט, אַז אברהם'ציג האָט מיר נעכטען אָוועגד גוט געזידעלט דערפאַר, און געזאָגט, אַז מיר טאָרען דאָס ניט טהון. אַז שוין פון פּרינציפּ אַליין דאַרפען אָרגאַניזירטע פּראָלעטאַריער ניט אַרבייטען קיין איבעריגע שעה'ן פאַר'ן בעל-הבית, און פערגרעסערן דעם פערדינסט קאָן מען נאָר דורך עקאָנאָמישע שטרייקען, אָבער ניט אָבגעבען דעם בעל-הבית אינזערע פייער-אָווענדען. מילא ווען עס איז נאָך געווען זעהר איילענד, איז מוז מען אַמאָל נאָך דאָס טהון, אָבער אַז די נייטיגע אַרבייט האָבען מיר שוין באַלד פערטיג, האָטש דער בעל-הבית זאָגט, אַז ב'מוז נאָך לענגער דויערן.

2-טער אַרבייטער: ס'איז אמת. איך רעכען אָבער, אַז אפשר נאָך וואַרטען אַ ביסעל. ער זאָגט, אַז נאָך אויף 8 טאָג וועט ער שוין דאָס פאַרטיג האָבען.

1-טער אַרבייטער (אָנשפּאַרענדיג איין האַנד אויפ'ן טיש און קוקענדיג אויף דעם צווייטען אַרבייטער): ערשטענס בעט ער איצטער אויף 8 טאָג, נאַכהער וועט ער, מסתמא, בעטען נאָך אויף איין וואָך און דערנאָך אויף צוויי וואָכען, און ווידער איז זאָל ער

*) די מעלאָדיע פון ניקיטינ'ס „באָביל".

[illegible] נאָך אַנ'אַרבייטער, צו די אַרבייט איז אַזוי אײַלענד. כי זה האָט דאָס אויך אברהם'ציג געזאָגט.

1-טער לעהר-יונגעל (קעהרט זיך אָב פון מאַשין): איך האָב טאַקי געהערט, ווי ער האָט געזאָגט, דאָס מיר וועלען, מסתמא, אַרבייטען די איבעריגע שעה'ן, ביז ער וועט פאַרטיג ווערען מיט זײַן גאַנצער בעשטעלונג.

1-טער אַרבייטער: נו, אָט זעהסטו! ער רעכענט, אַז ער וועט אונז מיט די עטליכע גראָשענס אָבקויפען אינגאַנצען. נאָר דער עיקר איז, ווי איך פערשטעה, זײַן כונה, אַז מיט דער צײַט וועט זיך דאָס בלײַבען אַזוי ווײַטער, מיר וועלען זיך אַלץ אַרבייטען איבעריגע שעה'ן, און נאַכהער וועט ער אויך אויפהערען צו צאָהלען פאַר דער פייער-צײַט! (הייבט אויף דעם קאָפ). עס איז דאָך שוין דאָס געווען אַמאָל אַזוי בײַ ראָזענשטיינ'ען אין פאַבריקעל!

2-טער אַרבייטער (קלאַפּט עטליכע מאָל מיט'ן האַמער): נאָר אפשר לאָזען דאָס שוין ביז שבת, ווײַל הײַנט איז דאָך שוין מיטוואָך. וועלען מיר שוין פון דער נײַער וואָך אַזוי טהון.

1-טער אַרבייטער: וואָס האָסטו מורא, אַז הײַנט?

2-טער אַרבייטער: מורא האָבען?! — נאָר גלאַט, עס וועט זײַן געוויס טענץ, איז אפשר שוין קאָנצען די וואָך?

1-טער לעהר-יונגעל (פון מאַשין): נאָך דער וואָך, וועט ער בעטען נאָך.

1-טער אַרבייטער: נו, אַז עס וועט זײַן טענץ, טאָ זאָל זיך זײַן!

2-טער אַרבייטער (נאָך אַ ביסעל בעדענקען זיך): פון מײַנעט וועגען, נאַרעשצע, זאָל זײַן הײַנט. נאָר מעהר נישט, איך גלויב, אַז עס וועט זײַן אַ שווער שטיקעל אַרבייט, ווײַל ער מיינט, אַז מיר אַליין זענען ציפרידען און וועלען נאָך לאַנג אַזוי אַרבייטען. האָסט דאָך געהערט, וואָס זי האָט געזאָגט.

1-טער אַרבייטער: אָבער אַנדערש ווי איך זאָג קאָן עס נישט זײַן.

2-טער אַרבּייטער (קלאַפּט עטליכע מאָל מיט׳ן האַמער און שטעלט זיך אָב באַלד): גוט, זאָל זיין אַזוי!

(פּאַוזע. דער 1-טער לעהר-יונגעל ביים מאַשין פּאַנגט זין א ביסעל שטעפּען, האַקט באַלד איבּער און פּאַנגט אָן צו זינגען):

ער שפּאַציערט מיט געזאַנג,
און דער ווינד זינגט אונטער:
היט זיך, רייכע, פון וועג,
אַרעמקייט געהט מינטער...

2-טער אַרבּייטער (זוכט עפּעס ביים טיש. צום 2-טען לעהר-יונגעל): דערלאַנג מיר דאָס גרינגע האַמער׳ל פון קעסטעל, האַרטען אין ווינקעל, נאָר ריהר זיך גיכער!

2-טער לעהר-יונגעל (ריהרט זיך לאַנגזאַם און נעהמט זיך אָן פּאַר׳ן בּויך מיט ביידע הענד): עס טהוט מיר שוין היינט ווידער וועה דער בּויך פון דער קאַפּוסטע מיט די קאַרטאָפּלעס. (שטעהט א ביסעל אין, לאַנגזאַם, עטוואָס אויסגעהויקערט, געהט ער אוועק אין ווינקעלע נאָכ׳ן האַמער׳ל).

2-טער אַרבּייטער (אויפהייבּענדיג די אויגען פון דער אַרבּייט): פאַרוואָס זשע האָט איהר געגעסען? מ׳האָט נישט געדאַרפט עסען. די אַחורה זאָגט דאָך, אַז זי היט אייך ווי איינענע קינדער, און הולה איז זי צו געבּען אייך אַנ׳אַנדערע זאַך צום עסען?

1-טער לעהר-יונגעל (פרעהליך פון דער מאַשין): זי איז נעבּיך נישט שולדיג, זי האָט פערגעסען.

2-טער אַרבּייטער (קלאַפּט עטליכע מאָל מיט׳ן האַמער. ערנסט): איך וועל דאָס איהר היינט זאָגען, און מיר וועלען זעהן, האָס פאַר אַנעסען וועט זי אייך געבּען מאָרגען.

1-טער לעהר-יונגעל (גיך): מאָרגען וועט זי פרישע בּויך-וועהטאָג פערזאָרגען...

1-טער אַרבּייטער (צום 1-טען לעהר-יונגעל געווענדעט): דיר א פּגים איז, ווי איך זעה, טהוט דער בּויך נישט וועה?

1-טער לעהר-יונגעל (מיט א געמאַכטען פלאַקסיווען טאָן): עס האָט נאָר געטהון א ביסעל די קישקעס א דרעה.

1-טער אַרבייטער: און דיר איז אַלץ צו'ם גראַם.

2-טער אַרבייטער (מיט אַ שמייכעל): אַ פּנים, די לעצטע צייט האָט ער געהאַט אַ גרויסע פּעולה.

1-טער לעהר-יונגעל: דער שטרייק איז געווען דערצו אַ גו־טע סגולה. (שטעפּט מיט דער מאַשין).

2-טער לעהר-יונגעל (ברענגענדיג דאָס האַמער'ל): און עס האָט געשטונקען נאָך מעהר ווי די אַמאָליגע קאַפּוסטע.

1-טער לעהר-יונגעל (דרעהט אָב דעם קאָפּ פון מאַשין, צו'ם 2-טען לעהר-יונגעל): נאַר איינער, האָסטו דאָך געקאָנט זיין זאַט מיט'ן רוח אַליין און וואָלסט פערשפּאָרט אַ ביסעל בויך־וועהטאָג...

1-טער אַרבייטער (לאַכט): ער איז אַ גרויסער מפונק.

2-טער לעהר-יונגעל (עהרערליך, צו'ם 1-טען לעהר-יונגעל): האָסט דיר דער רוח מיט דיינע חכמות. ער האָט שוין אָנ־געדויבען!...

1-טער לעהר-יונגעל (ענטפערט נישט און זינגט):

ביזטו זאַט, אָדער ניט,<br>
טרייב אוועק די זאָרגען,<br>
מיט אַ שמייכעל, מיט אַ וויץ<br>
האַלט דיין צער פערבאָרגען.

1-טער אַרבייטער (צו'ם 1-טען לעהר-יונגעל): הער, שלמה'קע, דו האָסט אָפּשר דיין ליעדעל היינט מיט, וואָס דו האָסט פערפאַסט אויפ'ן בעל-הבית?

1-טער לעהר-יונגעל (נישט אָבקעהרענדיג זיך פון מאַשין): איך האָב נישט און ס'איז נישט אֶמת.

2-טער לעהר-יונגעל: ס'איז אַנ'אֶמת. ער האָט עס מיר אַליין געוויזען אויפגעשריבען אויף אַ פּאַפּיערעל.

2-טער אַרבייטער (געווענדעט צו'ם 1-טען לעהר-יונגעל): וואָס האָסטו מורא? טראָג אָרויס, אויב דו האָסט.

1-טער לעהר-יונגעל (ביים מאַשין, נישט אָבקעהרענדיג זיך): איך ווייס נישט, צי האָב איך דאָס ביי זיך.

1-טער אַרבייטער (איראָניש): שטעל זיך פאָר, אַז דו האָסט עס יאָ ביי זיך.

2-טער לעהר-יונגעל (זיכער, מיט אַ העכערע שטימע): ער האָט, ער האָט!

1-טער לעהר-יונגעל: איך האָב מורא, דער בעל-הבית זאָל נישט אָנקומען.

1-טער אַרבייטער: איז וואָס, וועט ער דיר אויפעסען?

1-טער לעהר-יונגעל (אָבקעהרענדיג זיך פון מאַשין צו דער שטוב): מילא, אַז איהר ווילט דוקא, קאָן איך דאָס אוי־סגעוויינען. (קעהרט זיך צוריק צום מאַשין, פאַנגט אָן אַ ביסעל שטיפען און נאַכהער פאַנגט ער אָן צו לעזען, פון צייט צו צייט, וואָס צוקלאַפענדיג מיט'ן מאַשין):

אוי האָבען מיר אַ גאָלד אַ בעל-הבית,
לעבען זאָל ער טויזענד יאָהר אָהן אַ ראש!
און האָט ער אויך אַ קליינע ווייבעלע,
איז דאָס פרום, גוט, ממש — אַ טייבעלע!
צוויי מלאָכימלעך, גאָר אָהן אַ גאַל,
וואָס שיטען מיט הייליגען מאָראַל:
זייט, קינדערלעך, גוט און פרום,
ווי אָקסען, קינדערלעך, זייט שטום.
אַרבייט, ווי די גוטע פערד,
האָטש מיט'ן קאָפ אין דער ערד...

(עס גערעט אַריין אין שטוב דער בעל-הבית. דער 1-טער לעהר-יונגעל האַקט זיך גלייך אָב, נאָר דאָך ענדיגט ער באַלד שטיל):

און פון אַזעלכע גרויסע פריידען
קריגט איהר גיכער דעם גן-עדן...

(אַלע לאַכען, אויסער דעם בעל-הבית).

**דער בעל-הבית** (אַ ביסעל פערשעמט פונ'ם לאַכען, צו'ם 1-טען לעהר-יונגעל): דו האָסט נאָך אַלץ נישט פערגעסען דיינע גראַמען?

**1-טער לעהר-יונגעל** (גיך): צו פערגעסען אַזאַ תורה איז אַני עברה.

**1-טער אַרבייטער** (צו'ם בעל-הבית): האָט איהר אָבער גע-דאַרפט הערען, ס'אַראַ ליעדעל ער האָט פערפאַסט מיט גראַ-מען! (אַלע לאַכען שטיל).

**דער בעל-הבית** (גוטמוטהיג): פון מיינעט וועגען זאָל ער זיך פראַווען זיינע גראַמען, זאָל עס נאָר נישט זיין האָטש אַ שטע-רונג צו דער אַרבייט; נאָר, אַז ער זאָל מיר פאָלגען, און בעסער אַריינעלעגט דעם קאָפּ אין דער אַרבייט, אָנשטאָט זיינע וויצען, וואָלט געווען מעהר שכל אָפילו פאַר איהם אַליין.

**2-טער אַרבייטער** (צו'ם בעל-הבית): נו, מיט אַזאַ קעפּעלע, ווי ביי איהם, וועט ער שוין אויך אויסער זיינע וויצען הער-גערן וואָס.

**דער בעל-הבית**: ער איז אָבער אַ גרויסער פוילער, זאָל ער מיר קיין פעראיבעל נישט האָבען (לאַכט אַליין).

**1-טער לעהר-יונגעל** (גאַנץ שטיל און גיך): אַז עס איז ווע-ניג אין מויל, איז מען פויל...

**דער בעל-הבית** (נישט הערענדיג די לעצטע ווערטער, ווייזט צו צו'ם טיש ביי'ם 1-טען אַרבייטער, וואַרפט איבער עט-ליכע שטיקלעך לעדער, בעקוקט די צייכענס און ז. ח.): נו, ווי מעסטען זיך אוים די פעלכלעך?

**1-טער אַרבייטער**: נישט שלעכט. עס איז אָפילו דאָ אין זיי היבש לעכער, נאָר נישקשה. אָט באַלד קאָנצע איך שוין דאָס פעקעל און מאָרגען וועל איך זיי שוין שניידען.

**דער בעל-הבית**: פאַרוואָס זאָלסטו דאָס אָנלעגען אויף מאָרגען? בעסער שוין היינט צו שניידען.

**1-טער אַרבייטער** (נאָך אַ קורצען בעדענקען און נישט נאָר

זיכער): ווייל היינט וועל איך מעהר נישט אַרבייטען ווי ביז
8 אַ זייגער, און עס מוז שוין באַלד זיין 8.

דער בעל-הבית (פערוואונדערט): וואָס האָט עפּעס געטראָפען,
וואָס דו מוזט אַוועקגעהן 8 אַ זייגער?

1-טער אַרבייטער (ענטשלאָסען): עס האָט גאָר נישט גע-
טראָפען. און נישט נאָר איך אַליין, נאָר אַלע וועלען מיר
היינט אַראָבגעהן פון דער אַרבייט 8 אַ זייגער, ווי מיר דאַרפען אַראָב-
געהן נאָרמאַל.

דער בעל-הבית (עטוואָס איבערגעשראָקען): וואָס איז שוין חוי-
טער פאַר אַ התונה?

1-טער אַרבייטער (איראָניש): קיין תנאים אפילו אויך נישט.
פּשוט, מיר אַרבייטען דאָך 10 שעה דעם טאָג, דאַרפען מיר
אום 8 אַ זייגער אַראָבגעהן פון דער אַרבייט.

2-טער אַרבייטער: טאַקי דאָך גאָר פּשוט.

דער בעל-הבית (ערנסטליך): אַ ודאי גאָר פּשוט, אָבער איך
צאָהל דאָך אייך מיט גוטע געלד פאַר די איבעריגע דריי
שעה. איך צאָהל אייך נאָך אפשר מעהר, ווי דאָס איז ווערט.
ס'איז מעהר נישט, ווייל איך מוז די בעשטעלונג צום טערמין מאַ-
כען, און איהר האָט דאָך מיר צוגעזאָגט.

1-טער אַרבייטער: מיר האָבען צוגעזאָגט אויף 8 טאָג אָדער
10 טאָג, און עס איז דאָך שוין באַלד צוויי וואָכען.

דער בעל-הבית (אונגעדולדיג): איך בעט דאָך אָבער דאָס נישט
אַ מצוה מיט מיר פערדינען. איהר בעקומט דאָך, דאַכט
זיך, זעהר גוט בעצאָהלט.

1-טער אַרבייטער (קוקט אויף זיין מאַשינען-אוהר): אז מיר בעגע-
גניגענען זיך אָבער מיט דעם 10-שעה'דיגען אַרבייטס-טאָג
אַליין, מיר ווילען קיין גבירים נישט ווערען.

2-טער אַרבייטער (צוקלאַפּענדיג עטליכע מאָל מיט'ן האַמער
און לאָזענדיג די האַנד מיט'ן האַמער שטעהן אויפ'ן טיש,
גלייכט זיך אויס מיט'ן גאַנצען קערפּער פאָראויס): מיר האָבען גע-
שטרייקט פאַר אַ 10-שעה'דיגען אַרבייטס-טאָג, און איצטער אַרביי-

טען מיר צוריק די 13 שעה ווי געווען! מיר ווילען נישט די פער־דיענסטען, און בעסער מיט דריי שעה פריהער אויסגלייכען א ביסעל דעם רוקען.

**דער בעל־הבית** (אויך אויסגלייכענדיג זיך א ביסעל): ווי, איהר מיינט עס ערנסט?

**1־טער ארבייטער**: כ'מיין, וואס דענקט איהר, מיר מאכען שפאס? אט באלד וועט זיין 8 א זייגער, וועט איהר זעהן, אז מיר וועלען אוועקלעגען די ארבייט.

**דער בעל־הבית**: אבער איך מוז דאך צום טערמין האבען די בעשטעלונג, און איהר האט דאך איינגעשטימט.

**1־טער ארבייטער** (עטוואס אויפגערעגט): איהר האט געבעטען אויף 8 טאג און מיר האבען געארבייט באלד צוויי וואכען. אויב עס איז אייך אזוי עקסטרא, טא נעהמט צו נאך א דריטען ארבייטער!

**דער בעל־הבית**: מיין גאט, מען גיט מענשען צו פערדיענען אנ'איבעריגען קערבעל, און מען זאל זיך נאך דארפען איינבעטען! איהר זענט נאך, א פנים, פארט קינדער, ווי מיין ווייב זאגט. אט כ'לעבען, מאכט זיך נישט נאריש און ארבייט ווייטער, און אז מען וועט קאנצען די פערלענגערטע בעשטעלונגען (אלץ צוליעב אייער שטרייק), וועט איהר אייך קאנען, אויב איהר וועט אייך וועלען, אוועקגעהן 8 א זייגער.

**1־טער ארבייטער** (איראניש): אויב מיר וועלען נאך וועלען!

**2־טער ארבייטער** (נישט אראבנעהמענדיג די אויגען פון דער ארבייט): גאט ווייס, ווען די בעשטעלונג קאן פארטיג ווערען.

**דער בעל־הבית**: בנאמנות, נאך 8—10 טאג, איך דארף נאר ביז 3 טויזענד פאר, און אפילו, אז חס וחלילה, נאך עטליכע טעג, איז וואס איז דאס אזוי די סכנה?

**1־טער ארבייטער** (פעסט): האב איך דאך געזאגט: נעהמט צו אויף דער צייט א דריטען מענשען. אויב איהר ווילט, איז איצטער געהט אום גראדע לעדיג אברהם־יצחק'ס א מענש.

דער בעל-הבית (פערליערענדיג א ביסעל זיין געדולד): די רעכענונג ווייס איך אליין, איך דארף נישט קיין עצות.

2-טער ארבייטער: און אז מיר וועלען ענדיגען די בעשטעלונג, וואס וועט נאכדעם זיין?

דער בעל-הבית: וואס דארפען מיר רעדען, וואס נאכדעם וועט זיין, דערוויייל קאנצעט מיר די בעשטעלונג...

1-טער ארבייטער (שמייכעלט און נעהמט ארויס פון ושילעט-קעשענע זיין זייגער און קוקט אויף איהם): אט באלד איז שוין 8 א זייגער, אפשר איז נאך געבליבען א פאר מינוט.

1-טער לעהר-יוננגעל (פון מאשין): אין דער הויך, האב איך געהערט, האט שוין געשלאגען דער זייגער.

דער בעל-הבית (ווייזט אומגעדענט אויף דעם 1-טען לעהר-יונגעל): נו, ווי געפעלט אייך דער העלד? ער איז מיר אויך דא, אויך, מ׳שטיינם געזאגט, א מענש!

1-טער לעהר-יוננגעל (ענטפערט נישט, נאר הייבט אן קלאפען שטארקער מיט דער מאשין).

1-טער ארבייטער: ס׳קאן זיין, מיין זייגער קריכט טאקי אין עטליכע מינוט. אלזא, קינדער, אוועקגעלעגט זאל ווערען די ארבייט!

(אלע לעגען אוועק די ארבייט און גלייכען זיך אויס א ביסעל).

דער בעל-הבית (פערליערענדיג זיך, געהט צו הארט צום 1-טען ארבייטער): ווי, איהר ווילט טאקי מאכען א סקאנדאל?

1-טער ארבייטער (ענטפערט נישט און נעהמט געהן צום ווינקעל, וואו עס הענגען זייערע בגדים).

דער בעל-הבית (פערשטעלט איהם ניך דעם וועג): געהט ניט אוועק, זאג איך אייך, געהט ניט אוועק, בעט איך אייך מיט גוטען, איך זאג דאס פאר אייער טובה וועגען, פערליערט ניט אייער לעצטען שטיקעל ברויט!...

1-טער ארבייטער (אבשטעלענדיג זיך א ביסעל): מיר ווייסען, מיר ווייסען די טובה, עס איז שוין רעכט!

דער בעל-הַבית (גלייכט זיך אויס מיט'ן גאַנצען קערפּער): מאַכט ניט קיין סקאַנדאַלען, בעט איך אייך, צו גוטען וועט עס ניט ברענגען...

1-טער אַרבייטער (מיידט אויס שטיל דעם בעל-הַבית און גערט ווייטער. דער 2-טער אַרבייטער און ביידע לעהר-יונגלעך גע-העץ אויך צו צו'ם ווינקעל).

דער בעל-הַבית (ווערט שרעקליך אויסגערעגט. ניט זיך האָס-טיג אַ קעדר צו'ם ווינקעל און מיט אַנ'אויסגערעגטער שטי-מע קאָן ער קוים רעדען): הערט, וואָס איך זאָג אייך יאַסנע... נעהמט איהר איצטער אַוועק, טאָ זאָלט איהר מאָרגען שוין ניט קומען צו דער אַרבייט! איך דאַרף מעהר ניט האָבען קיינע אַר-בייטער; נעמט יאַסנע, און אָט האָט איהר אייך!...

1-טער אַרבייטער (אָנטדרעהענדיג אויף זיך דעם מאַנטעל): אָט איז דער אֱמת, אָט האָבען מיר קלאָרע ווערטער!

2-טער אַרבייטער: איצטער ווייסען מיר האָטש, וואָס מיר האָ-בען צו טהון.

דער בעל-הַבית: נו, טאַקי אַזוי. זענט איהר אָפּשר ניט סאָגלאַסנע?

1-טער לעהר-יונגעל (גיך, ניט גאָר הויך): אַ וודאי סאָ-גלאַסנע — ס'איז דאָך „יאַסנע"!

דער בעל-הַבית (דערהערענדיג די ווערטער, ווערט שרעקליך אויסגערעגט און ניט זיך האָסטיג אַ לאָז צו'ם 1-טען לעהר-יונגעל, וועלכער טרעט אָב): אַ, דו שנעק איינער! דו ווילסט מיר אייך האָבען אַ העזה!... איך וועל דיר... (די אַרבייטער ביידע פֿער-שטעלען דעם 1-טען לעהר-יונגעל מיט זיך).

1-טער אַרבייטער (אָננעהמענדיג אַנ'אויסרופונגס-פּאַוזע): איהר האָלט ניט וואַגען אַ האַנד אַרויפצולעגען!..

(עס עפענט זיך האַסטיג די טהיר און דעם בעל-הַבית'ס פרוי קומט אַריין. ניט פערשטעהענדיג, וואָס דאָ קומט פאָר, בלייבט זי שטעהן פערוואונדערט ביי'ם טהיר).

די פרוי (ווען די אַרבייטער נעהמען געהן צו'ם טהיר אַרויסצו-

געהן): וואָס איז דאָ געשעהן, האַ! וואָס איז שוין דאָ פאַר אַ מעשה?

**דער בעל-הבית** (קומענדיג עטוואָס צו זיך): זיי געהען אַוועק 8 דעם זייגער אַ היים!...

**די פרוי** (ווען די אַרבייטער מיט די לעדער-יונגלעך זענען שוין נאָהענט בײם טהיר, שפּאַרט זיך אָן פּלוצלונג שטײף צום טהיר, מיט ביידע הענד נעהמט זי זיך אָן בײ ביידע אײשאַקעס פון טהיר, און מיט אַ הויכער, ענערגישער שטימע פּאַנגט זי אָן, צוטופּענדיג אָפּילו מיט׳ן פוס): איהר וועט נישט אַוועקגעהן, זאָג איך! סײדען איהר וועט מיך דאָ איפּ׳ן אָרט אַוועקלעגען אַ טויטע!... פאַר אונזער ביטערער, בלוטיגער פראַצע ווילט איהר הוליען! וועניג טרינקט איהר נאָך אונזער בלוט? נישטאָ! איהר וועט נישט אַוועקגעהן, איך וועל דאָ אַ כפּרה ווערען, און איהר וועט נישט אַוועקגעהן 8 אַ זייגער!... (אַלע פערליערען זיך גלייך פון אַזאַ אונערוואַרטעטען אַרויסטריט, גאָר באַלד שיסען די אַרבייטער אויס מיט אַ הויכען געלעכטער).

**1-טער אַרבייטער** (לאַכט): הי, איהר ווילט אונז גאָר אַרעסטירען דאָ? (געדט צו נאָהענט צו דער פרוי) זייט דאָך ניט משוגע און געדט אָב פון טהיר.

**די פרוי** (אין דער פריהערדיגער פּאָזע): איהר וועט נישט אַוועקגעהן, זאָג איך! נו, פּראָבירט אַרויפלעגען אַ האַנד אפשר אויף אַ שוואַכע פרוי, נו, שלאָגט מיר! (גיט זיך פּלוצלונג אַ קעהר צום מאַן) נו, וואָס שטעהסט דו, גולם איינער! וואָס איז דאָ געוועזן?..

**דער בעל-הבית** (נאָך אַלץ אַ ביסעל פערלאָרען): אָבער איך דאַרף גאָר קיין אַרבייטער איצטער נישט. זאָלען זיי געהן, און אָבער שוין מעהר נישט קומען צו דער אַרבייט.

**די פרוי** (ווענדט זיך צו די אַרבייטער, נישט נעהמענדיג אין אַכט דעם מאַנ׳ס ווערטער): איהר וועט נישט אַוועקגעהן, זאָג איך!

**1-טער אַרבייטער** (אַ מאַך טהוענדיג מיט דער האַנד, צום 2-טען אַרבייטער): נו, דאָס איז אַ ביסעל אַנאַרכיע!? זאָל זי שטעהן בײם טהיר. דו האָסט דאָך, האַכט מיר, בײ זיך קאַרל

מאַרקס'ס בראָשורע „לוינאַרבייט און קאַפּיטאַל"? וויז אַהער, וועלען מיר לייענען. (אַלע גייען צום ערשטען טיש. ביידע אַרבייטער אין די מאַנטלען זעצען זיך אַרום עק טיש. די לעדער-יונגלעך שפּאַרען זיך אָן שטעהענדיג בײַם טיש, און דער 2-טער אַרבייטער נעהמט אַרויס אַ דינע בראָשורקע, גיט זי איבער דעם 1-טען אַרבייטער.

**דער פאָרהאַנג פאַנג אָן לאַנגזאַם זיך אַראָבצולאָזען.**

**1-טער אַרבייטער** (בלעטערט אויף אין ביכעל און פאַנגט אָן רוהיג צו לעזען. די פרוי און דער בעל-הבית שטעהען אין די זעלבע זייערע פּאָזעס).

**1-טער אַרבייטער** (לעזט): „וואָס איז אַזוינס אַרבייטס-לוין, א הדך וואָס ווערט ער בעשטימט? אויב מען זאָל פרעגען אַנ אַרבייטער, די נרוים איז דיין...

**דער פאָרהאַנג פאַלט איינגאַנצען.**



יצחק קאַצענעלזאָהן.

# בּחוּרים

קאָמעֶדיעַ

1 אקט.



# פערזאנען:

הימעלשטיין. פערקויפער

בעפקין. לעהרער

דראבקין. רייזענדער.

פריוועס. לאנעריסט אין אגרויסער פירמא,

עפשטיין. לעהרער

גאלדבערג. פאבריצירט פאר-זיך.

גרינשפאן פערקויפער, הימעלשטיינ'ס א חבר,

(ארט: לאדז. צייט: יעצט, ענדע ווינטער).

# די סצענע.

א וואהנונג פון „חאלאסטיאקעס“. אין דער לינקער וואנד פון צושויער א טהיר אין א צווייטען צימער. אין דער הינטערגרונד־וואנד לינקס א גאס־טהיר. אין דער לינקער וואנד נאהנט צו דער אוואנסצענע א נאפענער פענסטער אין גאס ארויס. דריי אייזערנע בעטלעך, פערבעטע, איינע לינקס ביים פענסטער, דאס צווייטע ביים וואנד געגענאיבער דעם סופלער, איבער דעם בעטיל א תפלין־זעקעל. דאס דריטע בעטעל אין דער רעכטער וואנד, צו דער אוואנסצענע צו. פון אונטער די בעטלעך קוקען ארויס טשעמאדאנעס, געפלאכטענע קערבלעך. אין מיט'ן צימער א טיש מיט שטוהלען. נעבען דער טהיר פון צווייטען צימער, אין ווינקעל — א הענגער מיט זאכען. אין צווייטען ווינקעל ביי דער גאס־טהיר א קליין שענקיל אויף וועלכען עס שטעהען גלעזער מיט טעצלעך, מיט א פרימוס־מאשינקע. דאס צימער איז ניט איבעריג צונעקליעבען און האט א בחור'שען אויסזעהן.

אלט זוייגער פארנאכט.

# ערשטע סצענע.

---

**הימעלשטיין** (ליעגט אהן א מינארקע אויף זיין בעטיל, לינקס, דער קאפ איינגעגראבען אין קישען).

**בעסקין** (געהט ארום הין און צוריק איבער'ן צימער. נאך יעדען טראט שרייען די שיך אונטער. האפט זיך פלוצלונג פאר'ן קאפ, רעדט פאר זיך, מיט וואונדער). גוואלד, גוואלד, גוואלד!... צו זיי ווייסען ניט, צו זיי מאכען זיך ניט וויסען!?

**הימעלשטיין** (הויבט אויף דעם קאפ פון בעט, קוקט איהם ביזן אן — גראבט טיעפער איין דעם קאפ אין קישען).

**בעסקין** (בלייבט שטעהן פערטראכט, מיט א שמייכעל אויף די ליפען. שיסט אוים מיט א געלעכטער). חא־חא־חא! פאלעסטינע — נישט מעהר ווי א טראדיציע!

הימעלשטײן (אויפהויבנדיג דעם קאָפּ פון קישען). אפשר וועט איהר פערמאכען דאָס מויל, איהר, ארץ־ישראל־יונג!

בעסקין. אַה, איהר שלאָפט גאָר?

הימעלשטײן (קרימט איהם נאָך). איהר שלאָפט גאָר! נעהט ערום און טענה'ט צו זיך אַלײן...

בעסקין. נו שאַ, שאַ...

הימעלשטײן (גראָבט ארײן דעם קאָפּ אין קישען).

בעסקין) קוקט אויף איהם, שאָקעלט מיט'ן קאָפּ און נעהמט װײטער ערומגעהן סקריפּענדיג).

הימעלשטײן (הויבט אויף דעם קאָפּ אין בעט). טאָמער וועט איהר אַמאָהל אויפהערען צו שפּרײזען?

בעסקין. הימעלשטײן, איהר ערלויבט אײך צופיעל —

הימעלשטײן (שרײט). איהר זאָלט ניט שפּרײזען!

בעסקין (מיט פערדרוס און וואונדער). וואָס איז?!

הימעלשטײן. איהר זאָלט ניט שפּרײזען זאָג איך אײך!

בעסקין און אז יאָ? (געהט ארום פערביסען).

הימעלשטײן. די פּיס וועל איך אײך אויסדרעהען; איהר זאָלט מיך לאָזען שלאָפען! (לײגט זיך אנידער, עפען די אויגען פער בעס. פּויזע).

בעסקין (ארומגעהענדיג). נ־נע, נ־נע!...

הימעלשטײן (קוקט איהם נאָך בײז). ער וועט שוין בײ מיר מאָרגען קײן גאַנצע קאַמאַשען ניט האָבען...

בעסקין. וואָס רעכענט איהר דען טהון?

הימעלשטײן. צעשנײדען! זאָל איך שוין אַזוי לעבען ווי איך צעשנײד זײ!

בעסקין (קוקט איהם אָן, שאָקעלט אויפ'ן מיט'ן קאָפּ). אײדעל אויסגעצויגען! נאָר אײדעל... פי!...

הימעלשטײן. צו אַל'די־שוואַרץ־יאָהר! מ'סקריפּעט ניט אַזוי ווען דער צווײטער שלאָפט! איך וועל אײך צוריק טראַנספּאָרטירען אַהין אין ציטער, צו דראַבקינען... (ציעהט מיט די אַקסלען) נו, האָב איך עס אָנגעקראָגען פּירות: יענעם דאָרט (ווײזט מיט'ן פינגער צו דעם צווײטען בעט'ל, אין הונטערגרונד) מיט'ן תפלין־זעקעלע, און די — דאָ!

בעסקין. וואָס ווילט איהר האָבען? אַ זיינער זיעבען פאַר-נאַכט, אַנהויב אָבענד!

הימעלשטיין (קריכט איהם נאָך). אַ זייגער זיעבען פאַר-נאַכט! — און אין מיט'ן נאַכט אַז עס פערגלוסט זיך אייך מיט'ן שותף אייער'ן אַ שמועס פערפיהרען — האַלט איהר זיך איין?! (ציטערט זיך אָן מיט אַ פרישען כעס) נאָך אַמאָל אַז איהר וועט מיך אויפוועקען מיט אייערע ווילדע קולות: פאַלעסטינאַ! פאַלעסטינאַ! און דער טייוועל ווייס אייך וואָס פאַר אַ נאָך מלמדי'שע שטיק — מאַך איך אַ סקאַנדאַל! אין ארץ-ישראל, צו אַל'די-שוואַרץ יאָהר!

בעסקין. און אַז איהר קומט ס'רוב נעכט אַ זייגער צוויי-דריי איך אייך אוים? און אַז איהר ברענגט אַהער צו שלעפען — ווייס איך ווערען...

הימעלשטיין (פאַלט איהם אַריין אין די רייד, שטרענג). ניט אייער דאגה ווען איך קום און ווערען איך ברענג אַהער — איהר ווילט ניט קוקען — לייגט אייך מיט'ן פנים צום וואַנד און שטומט...

בעסקין. איך טהו אַזוי.

הימעלשטיין. און דעם שותּף אייער'ן מעגט איהר אָנזאָגען ער זאָל זיך מעהר ניט דערוועגען צו קומען אַהער שלאָפען; טאָמער קומט ער, — זאָל ער черть его дери — ער שוויינען ווי אַ קאַטיק!—

בעסקין. איהר רעדט מיט מיר עפּעס אוים אַזוינע מאָדנע זאַכען?...

הימעלשטיין. איך רעד אוים! און טאָמער זאָגט איהר איהם ניט, וועל איך איהם וויזען וואו די טהיר איז!...

בעסקין. ס'אַר'אַ טאָן... (ציעהט מיט די אַקסעל)

הימעלשטיין. אַזוי רייד איך! — — — און איהר מעגט זיך אויף ווייטער אויך אַביסל איינהאַלטען... איהר זייט ניט קראַנק צו וויסען אַז נעכטען איז געווען אַ מאַסקען-באַל — און איך דאַרף יעדעס שלאָפען!

בעסקין. אַט אַזוי רעדט... (אַביסעל נייגעריג) איהר זענט געווען אויף אַ מאַסקען-באַל —

הימעלשטיין. געוויזן, געוועזן — און דולט מיר ניט דעם קאָפּ! (דרעהט זיך אוים צום וואַנד).

בעסקין. אַזוי רעדט! (געהט אויף די שפיץ פינגער, נעהמט אַראָפּ פון הענגער פון גרעסער מאַנטעל, הוט און, שטעקעל און, געהט אַרויס פון גאַס-טהיר).

# צווייטע סצענע.

דראַבקין (קוממ אריין אונטערזינגענדיג). האָד'ז מאַרישקאַ! האָד'ז מאַרישקאַ! האָד'ז! (טהוט אויס דעם אויבערמאַנטעל מיט'ן רעקל, געהט אריין אין צימער רעכטס).

הימעלשטיין (ניט א קרעכץ צום וואנד). געמיינע ברואים...

דראַבקין (קוממ אריין מיט א שווארצען פראַק אין האַנד, פּונקטעגדיג איהם מיט'ן בערשטיל). שטאַרב פאַר אַ פּיאַטאַק — נאָר האָב אַ פראַק! (זינגט אונטער צום טאַקט) האָד'ז מאַרישקאַ! האָד'ז מאַרישקאַ! האָד'ז! — הימעלשטיין!

הימעלשטיין (מיט'ן פּנים צום וואנד). טראָג זיך דראַבקין — איך חלש שלאָפען...

דראַבקין (לייגט אוועק דעם פראַק מיט'ן בערשטיל, בייגט זיך איין גנבה'ס צום בעטיל איבער וועלכען ס'הענגט דאָס תפלין-זעקעלע, ציעט אַ פּויער אַ טשעמאָדאַן, פּרובט איהם עפענען). אַ געמיינער יונג, פערשלאָסען האָט ער זיי גאָר... (רוקט עס אַרונטער, געהט צו, צו הימעל-שטיינען גיעט איהם אַ קאַפּיטע מיט דער קניע אין פּלייצע) וואָס פאַר אַ שלאָפען אויף דיין קאָפּ!

הימעלשטיין (בייז). דו געהסט אַוועק —!

דראַבקין. נעכטען אויף אַ מאַסקאַראַד — היינט מיער און מאַט —, (גיעט איהם אַ צווייטען שטויס מיט'ן פוס) נו, שטעה שוין, שטעה אויף!

הימעלשטיין (דרעהט זיך אום אין כעס). דראַבקין!

דראַבקין. ביסט אַרויס פון זינען —! צו דו מיינסט טאַקי אויף אַ רעכטען אמת אָבשלאָפען דעם גאַנצען אָוועגד? פּיני-טיני-גיני טרעט אַרויס דאָס לעצטע מאָהל (שפּרינגט אונטער מיט אַ פּיסעל, מאַכט עוות מיט די הענד, פערקרימענדיג זיס די געזיכטסציגע) האָפּליאַ — האָפּליאַ — האָפּ! אַפּאָלאָ — וועט זיך מעגען פערמאַכען נאָך איהר אוועקפאָהרען.

הימעלשטיין. צו אַל'די-שוואַרץ-יאָהר! איך האָב שוין גע-האַט געשלאָפען, — וואו קלייבסטו זיך מיט'ן פראַק?

דראַבקין (אָהן חשק) מיט'ן פראַק, פערשטעהסטו מיך, מיט'ן פראַק... (טהוט איהם אָן).

הימעלשטיין. וואס שטאמעלסטו, פארך איינער, מיינסט איך ווייס ניט —

דראבקין (שטעלט זיך צו איהם ביי'ם בעטעל מיט'ן פלייצע). רייד ניט קיין סך, ביסט ניט איבריג קלוג... (שטופט איהם די בארשט אין האנד).

הימעלשטיין (שטופט איהם אב). וואן!

דראבקין (טרעט הינטער וועלעכעס צוריק), זיי ניט קיין חזיר, פוטץ אב!

הימעלשטיין (מאכט'ן צורעכט). עפעס א רעכטע מאמזעל?

דראבקין. פערשטעהסטו מיר, מ'האט מיך חושד געוועזן אז איך האב קיין פראק ניט —

הימעלשטיין. וואס הייסט?

דראבקין. ווי רופט מען איהם דארט, דעם אלטען מיט די פערטאבאקטע וואנסען, דאברזשעסקי, זשעסקי! כ'וואלט מיך אב פאר'ן געשעפט... בע — מע... דערצעהלט מיר א מגילה: שען, פיין, געלד... פערשטעהסטו מיך — אלא, די כלה קווענקעלט — (דרעהט זיך צו איהם אויס) פון היינט מאהל אן בעוויז איך מיך ניט אויף די מינדעסטע וועטשערינקע אהן א פראק —

הימעלשטיין (האפט זיך אויף). הא?

דראבקין. וואס דו הערסט; דער עולם היינט, האלט קאפ און גערענקט.

הימעלשטיין. פערטייטש, פערטייטש!

דראבקין. גערענקסט, ביי ליפינסקען — כ'האב ארומגע-נירט אינ'ם קורצען רעקיל, אינ'ם בלאהען שניצעל?

הימעלשטיין. נו?

דראבקין. נו — נו... גערהט ער מיר נאך דער אלטער, דאברזשעווסקי, זשעווסקי!... ווייס איך דארטען... געהט מיר נאך, וויל מיר עפעס זאגען... בע-מע, געהט היינט אריין אהין... אפי-ציאלנע, אפיציאלנע... ס'איז אריין, אנשטענדיג הויז. בע-מע — שטעל איך איהם אב און פרעג'ן: וויאס ס'אי דען? זאגט ארויס! רוימט ער מיר איין אין אויער וועגען א פראק.

הימעלשטיין. וואס הייסט, צו דו האסט א פראק?

דראבקין. פערשטעהסטו מיך, די מאמזעל דארט מיינט

אז איך האָב ניט קיין פראַק אָנצוטהון. און געה אויף „וועטשערינ־קעס" אין מירינאַרקע...

הימעלשטיין. חאַפּט זיי דער וואַטענמאַכער!

דראַבקין. א נייע צרה פערשטעהסטו מיך, זיי געהען אויך אויף וועטשערינקעס, די כלה־מוידען! (געהט צום הענגער, טהוט אַן דעם אויבערמאַנטעל).

הימעלשטיין (מיט אַ חאַלבען שמייכעל). מוזט זיך טאַקי אביסעל צוהיטען, דראַבקין; אין אנדערע על־חטא׳ן וואָלט איך ניט געשאַרט — אז אלע וואָד געהסטו אָנקוקען אַנ׳אַנדערע, האָסט קיין מזל ניט!

דראַבקין. מ־מאַ, איז לא פּ.דאָלתי! פון וואָיאַזש קען מען זיך אַראָב־ברענגען אַ כלה מיט געלד... דו אָבער, שלאָף, און צעבּרעך דיר ניט דעם קאָפּ וועגען מיר... (געהט אַרויס זינגענדיג) האָר׳ז מאַרישקאַ! האָר׳ז מאַרישקאַ! האָר׳ז! (אַב)

# דריטע סצענע.

פּריוועס (אַנ׳אַכטצעהן יאָהריגער בחור קומט פון גאַס מיט אַ פּאַסילקע אונטער׳ן אָרעם, לעגט עס אויפ׳ן בעט, וואַשט אין די קעשענעס...) איך האָב נאָך פון יענע פּוטערקיכלעך און קריגע יעצט צוגעשיקט אַ פרישע פּאַסילקע. הימעלשטיין, אַ מעסער׳ל איז דאָ ביי אייך? (געהט צו צו הימעלשטיינען).

הימעלשטיין (מיט פערמאַכטע אויגען, צווישען די ציין).

! Проваливай

פּריוועס (פאַר זיך). משה גרוים!... (ציעהט אַרויס ווען טשע־מאָדאַן, שליעסט איהם אויף, ועצט זיך אויפ׳ן בעט און ציעהט פון טשעמאָדאַן די פּוטערקיכלעך און עסט ווי אייגציגווייז, טשאַטקעגדיג מיט׳ן מויל, לאַנגע פּויזע).

# פיערטע סצענע.

עפּשטיין (קומט פון גאַס מיט אַ טוּט בייגעל, לייגט עס אויפ׳ן טיש, רייבט אַ האַנד אין אַ האַנד). ניטאָ נאָך בעסקין!

פּריוועס. איך קום יעצט פון גאַס... נעהמט אז איהר ווילט אַ פּוטערקיכל.

עפּשטיין. אַ דאַנק.

פריוועס. איהר מוזט אודאי מיינען אז זיי זענען טוכלע ווי די פאר'אכט'טאגעדיגע. ניין, ניין, נעהמט איף טשיקאוועס איינס! (דערלאנג איהם א קיכל).

עפשטיין. א דאנק! אט וואס איך האב געבראכט! (שיט אויס פון מוט די בייגעל).

פריוועס. טרוקענע בייגעל...

עפשטיין (גיט א פאטש מיט די הענד). ס'וואלט נאר געווען א גלעזעלע ווארעמ'ס!

הימעלשטיין. (חאפט זיך אויף פון פאטש אין די הענד). א רוח אין אייער טאטענס-טאטענס-טאטען אריין, מלמד איינער!

עפשטיין (דערשראקען אביסל, שמייכעלט קוים). או-או-ו, א דריי גארענדיגער!

הימעלשטיין. ! Молчать (הויבט זיך אויף צו איהם מיט קולא-קעס נעהמט איהם אן פאר די קלאפעס). אט אזוי חאפ איך אייך פאר'ן תאחאל און, ווארף אייך דורך; וואס א מאסקאראר איז, ווייסט איהר?

עפשטיין (אביסל דערשראקען). איך ווייס אביסל...

הימעלשטיין. אזא יאהר אייך וואס פאר א מאסקע איך האב געהאט! די גאנצע נאכט בין איך אבער אויף די פים געווען און עטליכע „דרייערלעך" איבערגעפיהרט, הונר איינער!

עפשטיין. לאזט אב די לאטצען, פאני הימעלשטיין...

הימעלשטיין (לאזט איהם אב) איהר זאלט אבער שטימען! איהר קומט צום אידיאט איבערנעכטיגען – שלאפט, האב אייך א קארעק! שטומען זאלט איהר אבער... (לייגט זיך צוריק אויפ'ן בעט) מיט אנ'אויג צוטהון לאזען זיי ניט... (בעפעהלט) זיצט און קייט בייגעל – טשאמקעט אבער ניט ווי יענע חיה דארט... (ווייזט אויף פריוועסען).

פריוועס. וואס לאמפעט ער דארט, פאפט אז איהר פאפט!

עפשטיין. (אביסל צעשראקען, מאכט פריוויסען א צייכען מיט'ן פינגער אין מויל). לאזט שוין, לאזט שוין!

פריוועס. א קנאפער פריץ ביי מיר! (הויבט זיך אויף, טרייסעלט אב די ברעקליך) איך האב שוין געזעהן אזעלכע...

עפשטיין (פערבייסט א פינגער ער זאל שווייגען).

פריוועס. פא! פא! האסט געזעהן א בלאזעניש? מ'קען מיינען – כ'הע...! (קורצע פויזע) איהר האט דאכט זיך געוואלט

טהער?... אָט צינד איך אָן די מאַשינקע און שטעל אַרויף דעם טשאַיניק (נעהמט אַראָב פון'ם שענקעל די מאַשינקע מיט'ן טשאַיניק אויפ'ן טיש), ביז ס'וועט אויפקאָכען, חאַפּ איך אַריין אַ „מעריב". (גיעסט אַריין וואַסער פון אַ קוביל אין טשאַיניק, דאַוונענדיג) וְהוּא רַחוּם יְכַפֵּר עָוֹן — (א. ז. וו. מורמעלט גאַנץ הויך, ושינירט זיך ניט, הויבט ערטער ווי העכער אויף דאָס קול און זאָגט שאַרף אַרויס די ענדע פסוקים, אַרבייט דערונטער מיט דער מ.שינקע, גיסט אַריין בענזין, רייניגט די לעפלעך).

הימעלשטיין (ציטערט אויף פאַר כעס, פלאַצט אַרויס). טאָמער הערט איהר שוין אויף צו מאָהלען, איהר פרומאַק איינער!

פריוועס (דאַוונענדיג). ה' אֱלֹהֵיכֶם אֱמֶת! — איהר קענט ניט הערען מיין מעריב דאַוונען — פערשטאָפּט אייך די אויער'ן — אֱמֶת וֶאֱמוּנָה (מורמעלט ווייטער).

הימעלשטיין. די ציין וועל איך אייך אויסהאַקען —

פריוועס. הָעוֹשֶׂה גְדוֹלוֹת עַד אֵין חֵקֶר נִסִּים וְנִפְלָאוֹת עַד אֵין מִסְפָּר! און איך, מיינט איהר, וואָס וועל טהון? הַשָּׂם נַפְשֵׁנוּ בַּחַיִּים (מורמעלט ווייטער).

הימעלשטיין, Сволочь!

פריוועס. (בייז, שנעל). הַמַּעֲבִיר בָּנָיו בֵּין גִּזְרֵי יַם-סוּף — — — (עפשטיינען), אַ פנים, ס'פערדריסט איהם! וּמַלְכוּתוֹ בְּרָצוֹן קִבְּלוּ — — וְאָמְרוּ כֻלָּם — ווי איהר קוקט איהם אָן איז עס אַ גראָבער יונג ווייס ווייס ניט מאי דְּקָאָמְרֵי רַבִּיצִין; וועגען אייך רייד איך ניט — איהר קלערט אַביסל אַריין, עפּעס רעדט איהר עפטערס מיט בעסקינען וועגען אַזעלכע עִנְיָנִים... וואָס דאַרפט איהר מעהר: ביי אונז אין שטעדטעל איז דאָ איינער אַ פריי'ער, ווען מען מ'קען ניט פערענקען... ספינאָזע'ן געלעזען פושקין'ס סטיחאָטוואָרעניעס געלייענט... מ-מאַ! מִי כָמֹכָה בָּאֵלִים ה' — — — זֶה אֵלִי עָנוּ וְאָמְרוּ! (דאַוונט) גָּאַל יִשְׂרָאֵל! די לייט קומען אַראָב אַהער — פראָסטאַקעס! מ'ווייס, מ'ווייס ווער זיי זענען פון דער היים! אויף קרויט און זיסע אוגער-קעס אויפגעהאָרעוועט. אַ האַלבע הערינג אויף וועטשערע איז געווען אַ נאָווינע... קומט כ'ין אַראָב אַ הער איז ס'ערשטע: מען הערט גוים! אָט אין וואָס די גאַנצע חכמה בעשטעהט — הַשְׁכִּיבֵנוּ (דאַוונט שטיל).

עפשטיין (שטיל). לאָזט'ן שוין שלאָפען, לאָזט'ן, לאָזט'ן... (נעהמט זיך צו די בייגעל).

פריוועס. שומר עמו ישראל לעד – ביי מיר איז לאו דווקא! סדנא דארעא חד הוא: חאנדריקעווע, פעטערבורג, ווארשא – איז אלץ איינ'ס... אומעטום דארף מען דאַוונען (ענדיגט מיט א ק"אפ אין טיש).

הימעלשטיין. Ei Бory פריוועס, איהר קריגט מיט'ן קאמאש אין קאפ!..

פריוועס. עי, איהר וועט עס ניט טהון... ס'געדענקט זיך אייך אוודאי נאך דאס אמאהליגע תפלין-וועקעלע...

עפשטיין (נעהמט ן פאר'ן האנד). לאזט שוין אב, לאזט שוין אב!..

פריוועס. איהר ווייסט ניט וואס ס'איז געוועזן: בעסקין לאזט זיך קריכען אויפ'ן קאפ – איך האב עס פיינד! כ'טשעפע דיך ניט, טשעפע מיך ניט... און א סוף! איך וויל דאַוונען! איך וויל אויפהענגען דאס תפלין-וועקעלע דוקא איבער מיין בעט! קיינער קען עס מיר ניט פארווערען – איך צאהל אב מיין דירה-געלד פריהער פאר איהם... שעמסט זיך – גיה אין דר'ערד!

הימעלשטיין (שפייט). טפו זאל עס ווערען! (גראבט זיך אין קישען).

פריוועס. איך בין שוין אזא מענש – איך ווער ניט אנדערש! חאנדריקעווע, פעטערבורג, ווארשא אומעטום, וואו איך זאל ניט זיין – דאַוונען איך! (דאַוונט פאר זיך, פאמפענדיג די פרימוס-מאשינקע. די מאשינקע צעברענט זיך מיט א געזויש) איהר זעהט ס'ברענט שוין! (שטעלט ארויף, דאַוונענדיג, דעם טשאַיניק).

עפשטיין (גאנץ שטיל אויפהויבענדיג זיך און האפענדיג א קוק אין טשייניק). איהר האט חאטש אנגענאסען פול?...

פריוועס (דאַוונענדיג). אומהו... (פויזע) ס'עט סטייען... יעצט שטעל איך מיך שמונה-עשרה, און איידער וואס – ווען – האבען מיר טהע! (שטעלט זיך שמונה-עשרה. פויזע).

הימעלשטיין (ווארט אב א ווייל. האפט זיך ראפטום אראב פון בעט און לעשט די מאשינקע). די מאשינקע! דאס וועט מיר נאך דריל'עווען דעם קאפ – א פו! א פו! (לעשט אויס און לייגט זיך צוריק פאר-זיך להכעיס'דיג) טהע וועט ער ביי מיר טרינקען... טהע! טהע!...

פריוועס (שטעהענדיג שמונה-עשרה, מאכט מיט די הענד צו עפשטיינען. ווייזט איהם ער זאל אנצינדען די מאשינקע) נו — א! א! נו... נו!

**עפשטײן** (אין שרעק, מיט א פולען מויל בײנעל, שאָקעלט מיט'ן קאָפּ אויף נײן).

**פריװועס** (װײזט איהם מיט די הענד ער זאָל אַנצינדען א װאַפּאלקע).

א... אָן נו, נו!... אי!...

**עפשטײן** (טרײסעלט זיך אָב). נו...

**פריװועס** (אײלט זיך זעהר, חאַפּט דעם ראָװנען, מ'זעהט װי די ליפען בעװעגען זיך שנעל, שנעל. — לאנגע פּויזע).

**הימעלשטײן** (לחכעיס'דיג). טהע... טהע – װעט ער בײ מיר טרינקען! טהע... טהע!...

**פריװועס** (ענדיגט שנעל, שפּײט אויף גיך אויס, נעהמט אויס שמונה־עשרה, נעהמט שנעל צו צום טיש, רײבט אָן א װאַפּאלקע און צינדט װידער אָן די מאַשינקע). זאָל ער זיך נאָר צו־ריהרען צו דער מאַשינקע, האַק איך איהם איבער די הענד!

**הימעלשטײן** (רויט פאַר כעס). אידיאָט אײנער! אײנער! איך בין דאָך געװעזען אויף א מאַסקען־באַל!

**פריװועס.** בכן, איז װאָס?

**הימעלשטײן** (בײסט זיך האַלב אין כעס, אויסצײעהענדיג די װערטער). װײל איך – שלאָ־אָ־פען, שלאָ־אָ־פען, אידיאָט אײנער! (די אויגען פאַלען איהם צו).

## פינפטע סצענע.

**בעסקין** (קומט אַרײן פון נאָם דערװעהענדיג עפּשטײנען צעשטײלעלט זיך). אַה, איהר זענט שוין דאָ?

**עפשטײן** (פאַרבײסט א פינגער, װײזט ער זאָל האַלט נים רײדען גאַנץ שטיל). איך בין געװעזען דאָרט–

**בעסקין.** נו?

**עפשטײן.** אַנגענומען, אַנגענומען!

**בעסקין.** נו?

**עפשטײן.** װאָס נו? ני'ש'קשה פון אַנ'אוראַק.

**בעסקין.** נײן, כ'מײן, א העסער נאַציאָנאַליסט.

**עפשטײן.** אָבער א נאַציאָנאַליסט! װאָס ער האָט מיר אַלץ אָנגערעדט, אין דער האַלבע שעה...

בעסקין (פערגעסט זיך, הויך מיט התפעלות). אזא רייכער מענש! מערקווירדיג... —

עפשטיין (האלט איהם אב, ווייזט אויף הימעלשטיינען) שא...

בעסקין (דערמאנט זיך) אה... קום גאר אריין צו דראבקינען אין צימער... (קוקט אריין אין טהיר פון צווייטען צימער) ער איז, דאכט זיך, נאך ניטא. (נעהמט עפשטיינען פאר'ן ארעם און געהט מיט איהם אריין רעכטס אין צווייטען צימער).

פריוועס (ביז דער משמש קאכט אויף, מאכט ער זיך בעקוועם בי'ם טיש, וואשט ריין א גלאז, נעהמט ארויס פוטערקיכלעך און לייגט זיי אויפ'ן טיש).

## זעקסטע סצענע.

גאלדבערג (קומט פון גאס. פערטראכט שטיל, דעם הארטען קאפעליוש ארויפגערוקט, געהט צו צום טהיר פון צווייטען צימער, בלייבט שטעהן, טראכט נאך א ווייל, פרעגט פריוועסען). איז דארט ליכטיג?

פריוועס. דאכט זיך אז ניט.

גאלדבערג (געהט אריין אין צווייטען צימער, קומט אין א ווייל ארום צוריק מיט א שטיק'ל שעוויאט. וויקעלט עס שטיל פונאנדער ביי'ם טיש. טאפט עס, קוקט עס דורך, גיט א קרעכץ, און רעדט גלאט אזוי אין דער וועלט אריין). ווי זאגט איהר פריוועס? ס'איז גוט!...

פריוועס. איהר האט נאך דארט ליעגען אלע אלט שטיקלעך?

גאלדבערג (מעהר צו זיך). אלט — ווי די קלעצער —

פריוועס. אין שטאדט איז דא קונדען.

גאלדבערג (גיסט זיך גלייכגילטיג א קרים). ס'איז געוואנצט; (וויקעלט די סחורה צוזאמען) אט וואס עס קומט ארויס פון אזא פאבריצירען — איהר זעהט?

פריוועס. שעוויאטלעך.

גאלדבערג. יוקס, גוטער ברודער, און ס'ליעגט... ס'ליעגט... (לעגט אוועק די סחורה אן א זייט).

פריוועס. איהר זוכט א קאסעלע?

גאלדבערג. א-א! (געהט צו צום שלאפעריגען הימעלשטיין, רוקט צו צו איהם א שטוהל, זעצט זיך, און קוקט א ווייל אויף זיין בענקלאך בקע...יג) הימעלשטיין? —

הימעלשטיין (האבענדיג די אויגען פערמאַכט). לאז מיך גאָלד־בערג, לאז מיך!

גאָלדבערג. גוטער ברודער! ארשינאוו פון מאָסקיווע איז היע —

הימעלשטיין (שלאָפענדיג). אומהו...

גאָלדבערג. ער איז געווען ביי אייך —

הימעלשטיין (פון שלאף). געווען...

גאָלדבערג (קראַצט זיך ביי דער פאה). ווי קלערסטו הימעל־שטיין, ער וואָלט ביי מיר צוגענומען דאָס קרעמיל פאר איין קלאפ?

הימעלשטיין (פון שלאף). אויף א קורצען וועקסעלע — א קשיא...

גאָלדבערג. טלעפ איהם מארגען אריין, גוטער ברודער!

הימעלשטיין (פון שלאף, ציעהט דאָס וואָרט). גו־ו־ט...

גאָלדבערג (קוקט נאָך אביסל, בעטענדיג, אויף דאָס שלאָפענדיגע געזיכט). גוטער ברודער!

הימעלשטיין (ווי פריהער). גו־ו־ט...

גאָלדבערג (שטעהט אויף אביסל הייטערער, פערבייגעהענדיג, קלאפט לייכט פריוועסען אויף דער פלייצע). פערשטעהט איהר מיך — (הויבט אויף הויך דאָס שטיקעל סחורה, טראָגט עס צוריק אריין אין צווייטען צימער, קומט באלד ארויס צוריק אויפגעלעגט, קוקט אהן א שום מיין אויף פריוועסען) פערשטעהט איהר מיך! מלמדים ווייסען ניט אז סחורה צעקנייטשט זיך ווען מען זיצט אויף איהר... בא! איז נאך אייערע ווערטער — וואו דארף מען זיך יעצט אהינטהון?! (זינגט ארויס) גיעב מיר דיין קווייטעלע — איך גיעב דיר מיין קייטעלע! — הערט נאר פריוועס, וויפיעל שיקט מען אייך יעדען חדש פון דער היים? (זינגט ווייטער) גא דיר מיין ביטעלע —

פריוועס. דרייסיג רובעל איז מיר געגוג.

גאָלדבערג. (קריצט זיך). ע־ע־ע... און א לעב טהון! (זינגט) גיעב מיר דיין ציטעלע!...

פריוועס. דרייסיג רובעל איז מיר געגוג!

גאָלדבערג. ע—ע!.. פערשטעהט איהר מיך: אין אייערע יאָהרען האָט זיך שוין ביי מיר געוויזען א קליין פליעכעל — יעצט: (נעהמט אראב דעם הארטען הוט און בויגט אראב צו איהם דעם קאהלען קאפ) ווא!

פריוועס (קוקט אין דעם קאהלען קאפ). גלאט —

גאלדבערג. גוטער ברודער, דאס קומט אייך פון פאבריצירען!

פריוועס. יוקס!

גאלדבערג (סטראשעט איהם לאפעדיג מיט א פינגער). עי... מ'קאן אייך שוין באלד מיטנעהמען... א נו, קומט נאר אהער —

פריוועס. א סוד! (געהט צו איהם צו).

גאלדבערג (רומט איהם איין וואס עס איז אין אויער. פויזע), נו?

פריוועס (ווערט בלאסלעך, ערוועקט... בעדענקט זיך). ניין... (געהט צום טיש צו, גיסט זיך אן א גלעזיל טהע; פעסט). ניין! (פערלעשט).

גאלדבערג. (קוקט אויף איהם דעם גאנצען מאמענט צניניש שמייכעלדיג). טאקי — ניין?... נו=נו!... (אב אין גאס).

פריוועס (זעצט זיך עסען, עסט און טרינקט טהע. פויזע).

# זיעבעטע סצענע.

גרינשפאן (קומט אריין העפטיג פון גאס, רויטלעך, די אויגען שפיעלען). הימעלשטיין?! (דערזעהט איהם אויפ'ן בעט שלאפענדיג). הימעלשטיין שלאפט!...

פריוועס. ער שלאפט דער פריץ!

גרינשפאן (חאפט איהם אן פאר'ן אקסעל) Вставай, ты чортъ!

פריוועס. ער וועט אייך באלד מאכען א „מי שברך"...

גרינשפאן. הימעלשטיין! (פריוועס'ן) א וואס?

הימעלשטיין (גיט א ווייש מיט די הענד די אויגען). גרינשפאן!

גרינשפאן. נאך א מאסקענ=באל פוילט מען אין בעט?! קום שוין, קום!...

הימעלשטיין. וואו ווילסטו מיך שלעפען?... ס'שלעפערט מיך, גרינשפאן...

גרינשפאן. ניט גערעדט! דו מוזט געהן...

הימעלשטיין. כ'מיין זיכער, גרינשפאן...

גרינשפאן. נו, נו!... אויפגעהויבען זיך און געגאנגען! (פאלט צו איהם צו אין התפעלות) גוטער ברודער!

הימעלשטיין (זעצט זיך אויף, קראצט זיך אין פאטילוצע). נו, רעד שוין, רעד...

גרינשפאַן. A ни слова! — אויפשטעהן זאָלסטו, און שוין מיט מיר אראָבגעהן...

הימעלשטיין. איך זאָג אָבער פריהער: טאָמער איז עס ניט אזוי... דיינע מציאות!

גרינשפאַן. פערלאָז זיך, פערלאָז זיך!

הימעלשטיין. נאָך אַ נאַכט אויף-זיין דרעהט זיך מיר דער קאָפּ ווי אויף שרויפען...

גרינשפאַן. וואָס ווילסטו האָבען — אום פינף ביסטו אויעק!

הימעלשטיין (נעהמט ארויסציהען אַ קאַמאַש). ס'איז שוין אפילו געווען אַביסעלע שפּעטער... דו ביסט נאָך לאַנג געבליבען מיט דיין ציגאַנקע?

גרינשפאַן (לויפט צו צום פענסטער, שטעקט ארויס דעם קאָפּ און רופט אראָב). Róża ?! W tej chwili Róża

הימעלשטיין (הויבט זיך אויף מיט איין אָנגעטהאָנענעם שוך, וויל צוגעהן צום פענסטער).

גרינשפאַן (מאַכט מיט די הענד) גערה נישט צו צום פענסטער! Руку дай הימעלשטיין! (שטרעקט איהם אויס אַ האַנד).

הימעלשטיין. וואַרט, וואַרט... מיר וועלען צוערשט אַ קוק טהאָן... (וויל ווידער צוגעהן צום פענסטער)

גרינשפאַן. אין פענסטער זאָלסטו ניט קוקען!

הימעלשטיין (נייגיעריג). טאָ זאָג שוין, ווער איז זי דאָס, די רוזשאַ?

גרינשפאַן (צוצויגען האַלב-לויט) ... Цы-га-ноч-ка

הימעלשטיין (גלויבט ניט). נו ?!

גרינשפאַן. וואָס דו הערסט!

הימעלשטיין (נייגיעריג). די נעכטיגע, מיט וועלכע דו האָסט זיך ארומגעשלעפּט איבער'ן זאַל?.. וואָס האָט אַזוי געהאָפּסט?!

גרינשפאַן. די, די!...

הימעלשטיין (נייגיעריג). אָט די דיקינקע, מיט דאָס רונדיג געמבקעלע ארויס.

גרינשפאַן (שאָקעלט צו מיט'ן קאָפּ). וואָ... וואָ!..

הימעלשטיין. די ציגאַנקע, מיט די איינגעפאַלאַכטענע סטענגעס אין די שוואַרצע צעפּ?... ווייסט, געמיינער יונג, ס'איז

איהרע אײנענע האר! (זעצט זיך אויף ן בעט. נעהמט אַנטהון דעם צווײ-טען קאמאַש).

גריִנשפאַן. איך ווײס, איך ווײס!..

הימעלשטײן (אַרויפציִעהענדיג דעם קאמאַש). אוי-אַ!

פריִוועס (געהט צו אַווי-זיך, ווי גאָר ניִשט מײנענדיג צום פענס-טער און קוקט אַרויס).

גריִנשפאַן (געהט צו איהם צו פון היִנטיִן, נעהמט איהם אָן פאַר׳ן קאַלנער, וויִל איהם אָבשלעפען). קײן חזיר זאָלט איהר ניִט זײן!

פריִוועס (דרעהט צו איהם אום דאָס געזיִכט, שטויסט איהם נגט אָב פון זיך). וואָן פון מיִר!

גריִנשפאַן (פון ווײטען אויפגערעגט, ערשטוינט אָביִסל, מאַכט קולאַקעס). פון פענסטער זאָלט איהר אַוועק!

פריִוועס (האָט גאָר ניִט מורא). טאַ-קי-?

גריִנשפאַן (שרײט). איהר זאָלט אַוועק פון פענסטער!

פריִוועס (שטעקט אַרויס דעם קאָפּ איִן פענסטער און ענטפערט ניִט).

הימעלשטײן (שטעהט אויף פון בעט, גריִנשפאַנען). לאָז אָב, מיִט אַנ׳איִדיאָט שטעלסטו זיך אַוועק רײדען...

גריִנשפאַן. דאָס איִז ער, דער שמענדעראָץ, דער „ראָוו-נער" אײַערער!

הימעלשטײן (ווײזט איִבער פריִוועסעס בעט). אָט איִז עס, דאָס תפילין-זעקעלע — אַנ׳איִדיאָט פון אַ יונג!

גריִנשפאַן. איך האָב דאָ גענדאַרפט מיִט איהם וואוינען! ער וואָלט בײ מיִר גאָר אַנדערש געזונגען... ער וואָלט שוין בײ מיִר צום פענסטער ניִשט צוגעהן, די פיִס זײנע וואָלט איך איהם אָבגעהאַקט.

הימעלשטײן. מיִט אַנ׳איִדיאָט — — (פויזע).

פריִוועס (פײַפט אַרויס איִן גאַס, געהט דערנאָך, טהוט אָן דאָס קאַפעליוש׳ל און געהט לאַנגזאַם אַרויס דורך דער גאַס טהיר).

גריִנשפאַן. מאַך עס גיִכער, הימעלשטײן, דער פּרוכאַק דײַנער איִז גאָר קײן נאַר ניִט, ער איִז אַראָב...

הימעלשטײן. וועגען דעם האָב קײן מורא ניִט... ער שרעקט זיך, דער שוטה, פאַר אַ מײדעל ווי פאַר אַ שד.

גריִנשפאַן. מאַך עס, פונדעסטוועגען גיִכער —

הימעלשטײן. איך זיך דאָך די שעפ... (דרעהט זיך אָביִסל

אַרום) האָסט איהר אָבער דערצעהלט פון מיר? ווייסט דאָך, איך האָב ניט ליעב... אומגעריכט...

גרינשפאַן. דערצעהלט, דערצעהלט נאָך נעכטען —

הימעלשטיין (צופריעדען). נאָך נעכטען... פארך איינער, פאַר וואָס האָסטו מיך ניט צוגערופען?... מיר איז עפּעס נעכטען ניט געגאַנגען, אָבער גאָר ניט... עטליכע מאָהל האָב איך מיך אָנגעכאַפּט... גאָר פין...

גרינשפאַן. מיט דער וואַקס׳אָוועַ?

הימעלשטיין. האָסט געזעהן?

גרינשפאַן. א יאָרערדיג ווייבעל...

הימעלשטיין. הער זיך אָבער איין.... איך געה איהר אזוי נאָך, און לאָז איהר איין מאָהל א פּאָר ווערטער אין אויער אַריין, דאָס צווייטע מאָהל — א פּאָר ווערטער... ברענענדיגע — ווייסט דאָך ווי איך הויב אָן —

גרינשפאַן. פי — צו ריזיקאַליש... גוטער ברודער!

הימעלשטיין. געה און ווייס אַז דער מאַנד׳ל איהרער, איז שוין געקומען פון דער רייזע, איז אויך דאָ אויף דער חתונה — און נעהמט דיר פון הינטען נאָך!

גרינשפאַן (ערנסט, מיט אביסל שרעק). נו!?

הימעלשטיין. וואָס דו הערסט!

גרינשפאַן. נו, און מכּח פערפאָהרען אין Зубной переулокъ?

הימעלשטיין. פע... נאָר ס׳האָט געהאַלטען דערביי.

גרינשפאַן. האָסט זיך בעצייטענס ארומגעזעהן —

הימעלשטיין. און זיך אָבגעטראָגען... דער צווייטער אינ־צידענט איז געווען נאָך א געפעהרליכערער; פערשטעהסט, א מענש נעהמט צו מיר צו, און זאָגט מיר מיט א פולען מויל, איך זאָל מיך אָבטראָגען, — א ניט — רייסט ער מיר אַראָב די מאַסקע און פּאַטשט מיר אוים די מאָרדעס!...

גרינשפאַן. אודאי אויך א מאַנן?

הימעלשטיין. וואָס דען... דער שוואַרץ יאָהר ווייס זיי! שלעפּען זיך נאָך זייערע ווייבער ווי די שפּיאָנען און לאָזען קיין האַנד ניט הייבען (עפּענט אויף די טהיר אין צווייטען צימער) מלמדים, די שעפּ וואו איז?

בעסקין (ענטפערט פון צווייטען צימער). מיר האבען זי ניט געהאלטען...

הימעלשטיין. גיט א קוק דארט, נעבען דראבקינ׳ס בעטעל, ביי׳ם וואשטיש׳ל. געהט ער זעהן א כלה פערשלעפט ער אהין די שעס... נו, Живо! (מ׳רוקט איהם ארויס א שיפ).

גרינשפאן. דו געהסט זיך יעצט איינוואשען?... זעהסטו, דאס ווען דו וואלסט געקענט פערשפארען —

הימעלשטיין. איך וואש זיך ניט — איך וויל נאר אויסשווענקען דעם מויל. פי, א שטאל א גאנצער... פינף מינוט איך זאל נאר אבדרעמלען — ווערט מיר דארט טרוקען און ביטער. (נעהמט אין זיין מויל וואסער, הויבט אויף דעם קאפ שווענקט) חל־חל־חל.

גרינשפאן. דו מאכסט שהיות! (געהט צו צום פענסטער) דער פרוטווק ז..ערער דרעהט זיך ארום איהר ווי א קאטץ ארום א טעפעל מילך...

הימעלשטיין. וואס, די פרומע קאץ?

גרינשפאן. ארום דעם מעפיל מילך (נעהמט אב דעם קאפ פון פענסטער, גיט א פאטש מיט די הענד) Чортъ подери! מ׳דארף דאך א מאהל זיין א ריזיקאנט!

הימעלשטיין (טהוט אן דעם רעקיל). א?

גרינשפאן. א האלבע נאכט האב איך אבגעפּוּשערט אומזיסט! —

הימעלשטיין. וואס הייסט?

גרינשפאן. אומזיסט! פערשטעהסטו שוין? דריי שעה נאכאנאנד געשלאפט אומזיסט דעם צונג... דעם גאנצען שיר־השירים איהר אבגעזאגט — ביז איך בין צום שכל געקומען — און —

הימעלשטיין. און?

גרינשפאן. פערשטעהסטו מיך: איך נעהם זי פלוצלונג און — (נעהמט הימעלשטיינען אן הויך ביי׳ם ארעם) און זי — גאר ניט... אויב אזוי — שלעפ איך איהר שוין צום בופעט גאר אויף דאס ניי... מאך מיר דערנאך ניט וויסענדיג און — (נעהמט איהם צארט ארום...) און פערבלאנדזע — ווייסט דאך דאס קאבינעטל אין קאנצערט־זאל, דאס ווינקעל קאבינעט׳ל ביי דער רויטער טהיר... טהו, נעהם קוש — אלץ! די מאסקע לאזט זי זיך אבער ניט אראב נעהמען...— „אין דער פריה! אין דער פריה!״— מילא!

הימעלשטיין (הערט איהם די גאנצע צייט אונ קוועלט אָן). אָח-יעי!.. אָח-יעי!...

גרינשפאן. אין דער פריה פערשטעהסטו מיך — (שטופט איהם'אביסל אָב פֿון זיך) טאָמער געהסטו שוין?!

הימעלשטיין. ווארט, ווארט, איך נעהם נאָר דעם קאפעליוש — (חאפט דעם הוט און דעם שטעקל).

גרינשפאן (עפֿענט אויף די גאס-טהיר). קום שוין, קום!

הימעלשטיין (ארויסגעהענדיג נאָך איהם). וואוהין געהן מיר?

גרינשפאן (אונטער דער טהיר פֿונם פינסטערן קארידאר). אונטען, אלץ אונטען!.. (ביידע אָפּ).

# אכטע סצענע.

(דאָס צימער שטעהט א ווײַלע ליידיג).

פריוועס. (קומט פֿון גאס א בלאסער; געהט לאנגזאם צום טיש צו, קלעהרט וועגען עפּעס, אָנגיעסענדיג זיך א גלאָז טהע).

דראבקין (קומט פֿון גאס מיט אנ'ארײַבגעלײַוענע קאפּ, טהוט אויס שוויַיגענדיג דעם אויבערמאנטעל, הענגט איהם אויף; טהוט אויס דעם פראק, ווענט איהם אין האנד; פאר זיך.) אין לא פּיראָלתי!... (טראגט איהם אריין אין צווייטען צימער, קומט באלד צוריק אין פריהשריגען רעקיל, זעהט פריוועס'ן איבער די פוטערקיכלעך און טהע) אוי-אָ! אוי-א! פריוועס! גוט ג'אָוועגד פריוועס! פרישע פוטערקיכלעך? —

פריוועס. פרישע.

דראבקין. ליטווישע?!

פריוועס. איך עס ניט דאָס פוילישע טייג!

דראבקין. אמת! איך נעהם זייערע „טשיאסטעס" אויך אין מויל ניט אריין... (רוקט צו א שטוהל און זעצט זיך צום טישעל) א גלעזיל טהע וועט איהר מיר שענקען, פריוועס?

פריוועס (טאפּט דעם טשייניק). כ'ווייס ניט צו ער איז יאָך הייס... נו, מען קען נאָך טרינקען — (רוקט איהם צו א גלאָז) פארזוכט א פוטערקיכל, דראבקין! (הויבט אָן אריינגיסען טהע אין דראבקינ'ס גלאָז).

דראבקין. פֿון די פרישע, מהיכא-תיתא... ווייסט איהר וואָס? — שטעהט אויף אין האלט איהם אָב ער זאָל ניט פֿול גיסען דעם גלאָז טהע) מ'דארף גאָר דעם טהע ניט! פאר די פוטערקיכלעך האָב איך — (ציעהט ארויס א פלעשעלע שנאפּס) אָט וואָס איך האָב! (וויל

ערויסקלאפּצן דעם פּראָפּצן) פאַר אַזעלכע פּוטערקיכלעך איז דאָס בע־ שאַפען געוואָרען... האָפּ! (דער פּראָפּצן שפּרינגט אַרויס) יעצט אַ קעלי־ שאַק, פּריוועס! И чокнемся!

פּריוועס (ברענגט פון שענקעל אַ קעלישאַק). אַזוי גזור!

דראַבקין. און הימעלשטיין און אַלע (גיסט אָן און טרינקט אויס) וואו זענען זיי? (גיעסט אָן פאַר פּריוועסען) טרינקט פּריוועס, גזײַן יעצט אויף זיי... די מלמדים דאָרט זיצען אפילו און אָ׳ וואָ־ זיך וועגען נעכטיגען טאָג —

פּריוועס (טרינקט אויס).

דר[illegible]בקין. צו אַזוינע קיכלעך אָבער, איז בעסער וועצען זיך מיט וואָס וועניגער עולם... (עסט און קריעגט התפעלות פון געפעקס, האלט די האַנד אונטער׳ן מויל) זיי צושיטען זיך, ממש זיי צושיטען זיך...

פּריוועס (רייבט זיך דעם שטערען, דערמאָנט זיך אין עפּיס, חאַפּט זיך אַרויס, פאַרזיך). פּשאַקרעוו!

דראַבקין (עסענדיג). ממש זיי צעשיטען זיך מיר אין מויל...

פּריוועס. פּשאַקרעוו —

דראַבקין. זאָרגט ניט, זאָרגט ניט, פּריוועס! [illegible] פאר זיך אַ קעלישאַק און טרינקט אויס) אָט וועל איך עט, [illegible] שטעהט איהר כיך, אַראָבקומען פון וואַיאַוש מיט אַ כלה זאַן געלד, און ס׳וועט זיין אַ באַל פאַר׳ן גאַנצען כלל!

פּריוועס. וואָס עפּעס פּלוצלונג פון וואַיאַוש?

דראַבקין. אַזוי... פון וואַיאַוש, פון יענע קאַנטען... איהר פּריוועס, זאָלט אייך אויך ליפערן אַ כלה פון וואַנען איהר קריעגט די פּוטערקיכלעך... דאָ — איז אַ פערפאַלענעש. נאָר פון דער היים, פון דער היים, פון וואַנען איהר קריעגט די פּוטערקיכלעך! кстати וואָלט איך אייך זאָגען (שטילער) איהר זאָלט האָטען אייער טשעמאָדאַן אויף אַ שלעסעלע — די מלמדים דאָרט, [illegible] שטעהט איהר מיך, קענען זיך צו זיי צוחאַפּען און איינ[illegible]ען מיט זיי אַ מיטאָג... (גיעסט אָן פּריוועסען שנאַפּס) טרינקט, טרינקט, פּריוועס, אייער נשמה איז אויך ניט קיין ראָשזינקע!

פּריוועס (טרינקט און פּלאַצט אַרויס פונ׳ם פולען מויל) רוזשאַ!

דראַבקין. וואָס זאָגט איהר, וואָס?

פּריוועס (שטעהט אויף אויפגערעגט). פּשאַקרעוו, רוזשאַ הייסט זי!

דראַבקין. ווער?

פריוועס. איהר ווייסט ניט פאַני דראַבקין, איהר ווייסט ניט וואָס דאָ איז געווען! —

דראַבקין (קוקט איהם אָן). איך הויב שוין אָבער אָן צו פערשטעהן — פריוועס?!

פריוועס. יאָ — ?

דראַבקין (קוקט איהם אָן, גיעסט ווידער אָן פאַר פריוועסען א קעל. שאָק). מיר וועלען זיך טיילען —! (ער טרינקט דאָס איבעריגע פונ'ם פלעשעל).

פריוועס (טרינקט אויס זיינע).

דראַבקין. יעצט וועל איך אייך ערשט פרעגען: איהר האָט אַ דרייער'ל פאַר אייערט-וועגען? איך האָב ניט פאַר אייך אויסצולייגען.

פריוועס (קלאַפּט זיך אויף דער ברוסט-טאַש). איך האָב!

דראַבקין. אין ברוסט-טאַש — הייסט עס: פאַפּירגעלד?

פריוועס. ס'איז דען א נפקא מינא?

דראַבקין. ניין, ניין, —ווער זאָגט דען?...

פריוועס. פאַפּירגעלד! פאַפּירגעלד!

דראַבקין! Молодецъ, Привесъ! — טהוט זיך אָן און קומט... דאָס ביטיל אייער'ס, אז איהר ווילט, קענט איהר אַ ביערשטעלען צו מיר...

פריוועס טהוט אין דעם אויבערמאַנטעל, ווער'ט נתפעל) איהר פערשטעהט: אַזא ברענענדיג'ם איז זי, אָט די רוזשאַ...— איך בין אַרויס —

דראַבקין (אַביסעל אונגעדולדיג). אלע זענען זיי אַזעלכע... עה, אויפ'ן וואָיאַזש ווען איהר זאָלט מיט מיר אַ פאָהר טהון, פריוועס!

פריוועס (רוימט איהם איין מיט שמחה). דער „אַלטער" מיינער ניט מיר צום אַנדער'ן סעזאָן מיט — אַ קאָלעקציעלע!..

דראַבקין (אַביסעל ערשטוינט). פריד & ליטמאַן?

פריוועס (מיט שמחה). И на кавказъ, גוטער ברודער!..

דראַבקין. אַליין?!

פריוועס. נו... אַליין — — — דערווייל נאָך ניט...

דראַבקין. איהר פֿאָהרט מיט אײנעם מיט – אהאַ... נו קומט, קומט...

פריוועס (האַלט איהם אָפּ). יאָ, איך האָב אײך געוואָלט פֿרעגען: עס שאַדט ניט מיט אַן׳אַרבע־כנפות –?

דראַבקין. – Пустяки! קומט, קומט... (זינגט) חאָר׳ז מאַ־רישקאַ, חאָר׳ז מאַרישקאַ! (בײדע גײען אין גאַס).

## ניינ׳טע סצענע.

(פויזע. די סצענע שטעהט לעדיג).

גאָלדבערג׳ס (אָנקומענדער קול הערט זיך אונטער דער טהיר:) נאַ דיר מײן קײטעלע! (ער קומט אַרײן, נעהמט אַראָב דעם הוט, האַלט איהם אין האַנד, און געהט אַ דורך מיט׳ן אָפֿענעם קאַהלען קאָפּ צו זיך אין צימער. דער גאַנג זײנער איז אַ מידער, אַ גאַנג פון אַן׳אַלטען אָבגעלעבטען „חאָליַסטיאַק”. פון צווײטען צימער דערהערט זיך אין אַ ווײלע אַרום זײן קול). געגוג, געגוג! שלאָפֿען געהט, שלאָפֿען!

(בעסקין נאָך איהם — עפשטײן קומען אַרײן פון צווײטען צימער, פֿערושטורען די אויגען פון פלוצלינגען ליכט).

בעסקין. איז די גאַנצע שרעק דײנע פֿאַר די אַראַבער, זײ זאָלען אונז ניט פֿערטרײבען –?

עפשטײן (פלעגמאַטיש, קאַלט). דאָס און נאָך וואָס...

בעסקין. די אַראַבער אָבער זענען בײ דיר דאָס ווײכטיגסטע – ועהסטו פֿאַר אַלעמען אין דער וועלט האָב איך מורא, – פֿאַר׳ן אַראַבער – ניט!

עפשטײן (קאַלט). איך — יאָ. (גיעסט זיך אָן אַ גלאָז קאַלטען טהע, טרינקט עס מיט גרויסע זופען אוים).

בעסקין. דו רעדסט פון דײן אײגענע פערזאָן?

עפשטײן. אַזוי ווי איך, אַזוי זענען מיר אַלע –

בעסקין. פלעגמאַ, פלעגמאַ! פֿערגאַרטעלסט זיך מיט דאָס גאַנצע פֿאָלק, אין דער צײט ווען דו שטעהסט אַלײן!

עפשטײן. יאָ, איך שטעה אַלײן...

בעסקין. נו?

עפשטײן. מיר שטעהען אלע אלײן, א גאנצער װאלד אײנציגע בױמער.

בעסקין. א װאלד זאגסטו?

עפשטײן. א װאנדער-װאלד ניט קײן אײנגעפלאנצטער...

בעסקין (טרױעריג). לײקען אבער ניט אב דעם פאלעסטינע-שמערץ...

עפשטײן. איך לײקען איהם ניט אב...

בעסקין. דו זאגסט דאך אבער אז ער איז נארנישט —

עפשטײן. נו יא ער איז נארנישט!.. (פױזע).

בעסקין (געהט צו צום אפענעם פענסטער, קוקט ארױס). זעהסט — זײ זענען קײנער ניטא... צעגאנגען זיך.

עפשטײן. א זארג האסטו.

בעסקין. אבער א זארג!... הער נאר, האסט געלעזען דעם ארצי-ישראל-דיגען „העוֹבֵר"?

עפשטײן. כ'האב איהם געלעזען.

בעסקין. נו, האסט ניט בעמערקט דארט די ערצעהלונגען און בילדער? עפעס א מין מאדערנע הײמערקײט איז אויף זײ אויסגעגאסען... א נײער דור פון ציון'ס טעכטער װאקסט דארט יעצט צװישען יהודה'ס בערג... פרעהליכע, זינגענדיגע...

עפשטײן. ס'איז ניט װאהר.

בעסקין. װאס הײסט ניט װאהר?

עפשטײן. ניטא דארט, ניט קײן מײדלעך ניט קײן בחורים... דא זענען זײ!... אט דער פרומאק דא— (װײזט אויף דאס בעט'ל) פריװעס, — ער איז אויך אװעק מיט זײ... װען ער װעט צוריק-קומען, װעט ער דיר מעהר פערצעהלען װי די „העומר'ס" מיט אלע זײערע שרײבער...

בעסקין. דא זענען זײ?? נײן, נײן — הונדערט מאהל נײן! דא בין איך קײן בחור ניט, און אין פאלעסטינע װען דארט זאל זײן א מאסקענ-באל קום איך אויף איהם דער ערשטער!...

עפשטײן (מאכט אװעק מיט דער האנד). לאז מיך לעבען... (ער געהט צו צו בעסקין'ס בעט'ל. פױזע).

בעסקין (קומט אויך צו זײן בעט'ל און שטעלט זיך דערנעבען אין דער ריה). ס'מוז שוין שפעט זײן?

**עפשטיין** (הויבט זיך אן אויסצוטהון איבער'ן בעטל). דו ווילסט אפשר הייגט שלאפען ביי'ם וואגד?

**בעסקין** (טוט אויך אויס דאס רעק'ל). ניין, שלאף דו ווידער ביי'ם וואגד. (ביידע שטעהען נאך איבער'ן בעט).

**פערהאנג.**



יצחק קאַצענעלסאָן.

# דעקאַדענט

קאָמעדיע

1 אקט.



# פערזאנען:

**אברהם בערג.** 25 יאָהר־אַלט. אַ ליטעראַטאָר. מיט אַ קאָפּ לאַנגע פלאַקס־פאַרביגע האָר עטוואָס געגרויזט; עלעגאַנט געקליידעט, איבער'ן קראַגען אַ שוואַרצע בינדע.

**חוה גינצבורג.** 20 יאָהריגע בלאָנדינקע, מיט בלויע קלוגע אויגען, אָנגעטהון זומערדיג, העל.

**ווייצמאן.** 26־יאָהר אַלט, אַ בראָנעט, מיט אַ שפּיציג קליין אינטעליגענט בערד'ל, אַביסעל נערוועז.

**ליפשיץ.** 23־יאָהר אַלט.

**טעמע.** 16־יאָהר, אַ בראָנעטען. אַ נאַאיוו־לעבעדיג מיידעל.

**גרונע.** אַ דיענסט־מיידיל וואָס שטייכעלט.

(ראָם קומט פאָר אין ווארשא, די לעצטע צייט)

## —י סצענע;

א צימער ביי אברהם בערג; רעכט'ס פון פארענט א בע-
טעל, טיעפער אבּיסעל — די טהיר און קיך אריין. אין
הינטער-גרונד, רעכטער — א ביכער-שענק'ל, ווייטער אבּיסעל
א קאפעל אויבען, נאך דעם אויבען א טהיר אין גאס. לינקס —
צוויי פענסטער; א שרייב-טיש מיט א שרייבגעציג און עטליכע
שטוהלען שטעהען נעבען די פענסטער. פאר נאכט. די לאמפ
איז שוין אנגעצונדען

אברהם בערג (שטעהט אויפ'ן בעט'ל און קלאפט צו מיט א העי-
בעריל א פרויען-בילד אין וואנד. מ'קלאפט אן אין טהיר). אריין!

חוה גינצבורג (קומט אריין). גוט'ן אבענד, בערג.

אברהם בערג. אה חוה! (קלאפט א נעגעלע אין בילד) גוט'נ-
אווענד! גוט'נ-אווענד!

חוה גינצבורג. איהר זענט אליין דא! ניט אומזיסט האט
איהר אזוי הויך א זאג געטהון: „אריין!" – איהר האט מורא גע-
האט מ'זאל ניט קריגען חרטה און אומקעהרען זיך צוריק פון
אונטער דער טהיר?

אברהם בערג. ניין חוה, ניט אזוי די מורא; איך האב
סתם ליעב אז מען קומט צו מיר... שרייב איך ניט – איז אודאי
גוט!... זיצט, פאר וואס זיצט איהר ניט, חוה? נאך איין נעגעלע
ועט עס שוין האלטען. שרייב איך ניט, בין איך זעהר צופריעדען
מיט יעדען וואס קומט צו מיר; איך לעב און איך דארף האבען
מענשען! מען זאראטוסטרא אבוואוינען זיין גאנץ לעבען אויף
בערג און בעזינגען די איינזאמקייט, איך בלייב ביי מיינם. (קלאפט
אין א נעגעל) מען-שען דארף איך הא-בען! – יא שרייב איך – איז
גאר אנדערש, דאמאלס – איז נאר אליין!

חוה. נאָר אַליין?

בערג. נאָר אַליין! איהר ווייסט וואָס איך טהו? איך פער־שליעס זיך, נעהם אַרויס פון קלאָפ־שלאָס דעם שליעסעל און הענג איהם, אויף דער קליאַמקע אַ האַנטוך... קומט ווער – מיינט ער איך בין ניטאָ. –

חוה. גוט צו וויסען; יעצט קום איך צו אייך בּוּקאַ, ווען איהר שרייבּט, איהר וועט מיר מוזען עפענען!

בערג. (ערנסט) איך וועל אייך ניט עפענען.

חוה. ע, איהר וועט ניט אַזוי שלעכט זיין...

בערג. ווען איך שרייב – ניט! ווייל איהר וועט מיר נישט־מעהר ווי שטערען...

חוה. (בלומרשט) איך וועל זיצען אין צימער און שווייגען.

בערג. ניין, ניין, ניין!

חוה. נו איז ניט, איז ניט!

בערג. עס דאַרף אייך ניט בעליידיגען; אָה, מיך פרעהט זעהר אייך שטענדיג ביי מיר צו זעהן... איך וועל עס אייך באַלד ערקלעהרען – (ניעט דעם לעצטען קלאַפ אין וואַנד) יעצט איז עס שוין פערטיג! (שפּרינגט אַראָב פון בעט).

חוה (געהט צו צום בעט). עפּעס אַ שען בילד?

בערג (נעהמט די לאָמפּ פון טיש). אין דער דונקעל וועט איהר ניט גוט זעהן...

חוה. מ'דאַרף קיין לאָמפּ ניט, מ'זעהט אלץ, אלץ... איהר אויך, בערג?...

בערג. וואָס?

חוה. שטעלט אַוועק די לאָמפּ, איך זעה...

בערג. אַה, אויף דעם פרעגט איהר עס גאָר? (שטעלט צוריק די לאָמפּ) יאָ, יאָ! איך אויך... און נאָר איך! (ווייזענדיג) טהוט אוים די הוט, חוה...

חוה (ציעהט ארויס די הוט־שפּילקעס). טעה וועט איהר געבען?

בערג. אָ יע! (רופט צו דער קיך־טהיר). גרונע! (צו חוה'ן) באַלד האָבען מיר טהע!

חוה. ווייצמאַן קומט אויך באַלד.

בערג (שמייכעלט קוים). ווייצמאַן?

חוה. וואָס לאַכט איהר?

בערג. אי, חוה, חוה... (נעהמט פֿון איהר צו ס'היטעלע).

גרונע (קומט אריין, בלייבט שטעהן ביי דער טהיר).

בערג (שמייכלענדיג צו גרונען). איהר ועט מאכען טהע... טהע! (דרעהט אין האנד חוה'ס היטעלע) איהר וועט עפּעס עסען אויך, חוה?

חוה (בייזלעך). לייגט אוועק מיין היטעלע!

בערג (דרעהט דאס היטעלע וויטער אין זיין האנד). איהר וועט אריינברענגען א פּאר בייגעל אויך, גרונע.

גרונע (הערט איהם מיט א שמייכעל).

חוה (שטרענג). לייגט אוועק מיין היטעלע!

בערג. געהט, גרונע. (גרונע אב. בערג לייגט אוועק איהר היטעלע)

חוה (נאך א קליינער פּויזע). א, איהר אויך, בערג?

בערג (ווייזט אויף דאס בילד). ווע...ען דעם?

חוה. יא!...

בערג. איך האב אייך שוין געזאגט: איך לעב, האב ליעב אלץ וואס דאס לעבען שאפט... כ'הע, איז עס ניט לעכערליך? דאס לעבען שעמט זיך ניט צו שאפען, די נאטור שעמט זיך ניט צו ערציהען — און איך וועל מיך שעמען בריטער עפענען אויף דעם מיינע אויגען? איך קניע פאר פּסיכייען — און קוש זי ווען ערגאס זעהט ניט... — פון דעסטוועגען שטערט עס מיר ניט צו זיין א שטרענגער מאראליסט... אייך, חוה וועל איך בעטען ניט פערבייטען א שטרענגען מאראליסט מיט א פאנאטיקער א מאראליסט — איהר זאגט עס מיר צו?

חוה. יע!

בערג. נו איז גוט...

חוה. און טאמער וועל איך פערבייטען — ?

בערג. טהוט איהר א פערברעכען!... איך וויל ניט מ'זאל מיך האלטען פאר א מאראליסט א פאנאטיקער, איך בין נישט-מעהר ווי א שטרענגער... (פערטראכט זיך).

חוה (קרימט איהם אביסעל נאך). נישט מעהר ווי א שטרענגער... וואס האט איהר זיך אזוי פערטראכט?

בערג (כאפּט זיך אויף). אט אין וואס! היינע האט געקענט שרייבען „דאס האהעליעד” און האט געקענט זיין דערביי א שטרענגער

מאָראַליסט... איהר פערשטעהט: דאָס האָהעליעדו! ער נעהמט דאָרט אַ קערפּער פון אַ פּראָוויִנציִמער — און בעזינגט איהם, יעדעס פיצעלע, יעדעס ברעקעלע, איהר פערשטעהט! יעדעס ברעקעלע! — איך בין אַ מאָראַליסט — איך דאָרשט אָבער נאָך שענהייט, איך דערשלאָף ניט אַ גאַנצען זומער, היט דאָס אָנ-קומען און דאָס פערגעהן פון יעדען טאָג...— (דערפרישט) איך דערצעהל אנדערש די „מעשי בראשית": ניט רייסען עפעל פון עץ-הדעת האָט די שלאַנג אָנגערעדט חוה'ן, נאָר מאַכען זיך אַ שערץ פון פייגענבלעטער... (פאַלט אַריין אין אַ נאָך העפטערן טאָן) אפּירואָס האָט געהויט דער געטין „אטיני" פאַר זיין פאָלק אָן קליידער, ווי זי שטעהט און געהט!.. (שטעלט זיך אַב פאַר'ן בעטזיל און בעטראַכט דאָס בילד) איך וועל נעהמען און פערדעקען אזאַ האַלז! אַנ'אַלט וואָרט אַלבאַסטער — ס'איז אָבער פּוּרט אַנ'אַלבאַסטער!

חוה (ביים טיש, אגנטער איהם לייכט שמייכלענדיג). אמת!

בערג (קעהרט זיך ניט אום פון בילד). איך וועל נעהמען און פערשטיקען אין אַ בלוזע אזאַ קלאָהרע שענע ברוסט!

חוה. הערט נאָר איהר, בערג, איהר ווילט דעקלאַמירען דאָס האָהעליעדו?

בערג (קעהרט זיך אום צו חוה'ן). איבער מיין בעט זאָל דאָס בילד הענגען! די שענהייט זאָל איבער מיך שטענדיג וואַכען... אַז איהר נעהט אַ וועק, חוה, בלייב איך ניט אַליין —

חוה. און אַז איהר שרייבט?

בערג. פערדעק איך איהר דאָס געזיכט; איהר זעהט די אויגען?

חוה. ווי לעבעדיג —

בערג. אַהאַ!

חוה. פערדעקט איהר זי?

בערג. ווען איך שרייב... אַז איך שרייב, הייסט עס, איך שאַף! איך שאַף נייע לעבענ'ס, נייע וועלטען, נייעס, נייעס שאַף איך! ניט געענדיגטע בעשעפעניש'ען ציהען צו מיר אוים די הענד פון פּאַפּיער און בעטען מיר: ענדיג אונז! ענדיג! איך טאָר זיך פון זיי ניט אָבווענדען אין געדאַנקען אויף אַ האָר, קעהר איך מיך אויף אַ ווײַלע אָב, ווערען אַסך וועלטען חרוב...

חוה. חאַ... איהר מאַכט מיר שרעק, איך וועל שוין מעהר צו אייך ניט קומען.

בערג. אח, איהר האט מיך שלעכט פערשטאנען: אדרבא, קומט, באלד וועט זיין טהע... אדרבא, ווייל איך דארף האבען מענשען — שטערען זיי מיר... א מענש איז פאר מיר א וועלט, בין איך צו איהם ניט גלייכגילטיג... (ציעהט זיך צו איהר ליידענשאפטליך צו)

חוה. (שטעהט אויף פון שטוהל).

בערג. וואס האט איהר זיך אויפגעשטעלט? אה, אה... איהר פערשטעהט מיך ניט... אז איך שרייב, הייסט עס איך שאף, איך שאף וועלטען, קומט צו מיר ווער איז עס ווידער א וועלט... צוויי וועלטען אין איין צימער, אין אזא ענגע אטמאספער... פאר'ן קינסטלער וואס שטעהט צווישען ביידע איז עס געפעהרליך, ער קען זיך ניט אין גאנצען איבערגעבען זיין שאפען... און, בלייבט גאנץ גלייכגילטיג צו זיין גאסט, ס'הייסט, צו דער צווייטער וועלט...

חוה. או, ווי גוט... יעצט פערשטעה איך. הייסט עס, אין די בעסטע צייט ביי אייך צו זיצען ווען איהר שרייבט?... ס'הייסט ווען איהר „שאפט"...

בערג. ניין! ניין! מאהאמעד האט געהאט א הייסען טעמפעראמענט... דאך ווען ער האט נעדארפט בעשאפען זיין וועלט איז ער אוועק פונ'ם ישוב אין מדבר אריין; אין התבודדות און אין א שטילשווייגען האט ער זיין תורה געשריבען... און אז ער האט גענדיגט זיין תורה פערטיג, איז ער צוריקגעקומען אין זיין ישוב מיט'ן קאראן און מיט'ן זעלבען טעמפעראמענט —

חוה. מיט'ן קאראן —

בערג. און מיט'ן זעלבען טעמפעראמענט!... ווען דיאגען פלעגט דארפען געבוירען א נייעם געדאנק האט ער געלאזען די שענע „העטערעס" לויפען און אין א פאס געלייגט זיך — איהר פערשטעהט, אין א פאס! הײנט די קאטאסטראפע מיט משה'ן! משה האט זיך צופיעל געאיילט מיט זיינע לוחות, (אונטער דאס ווארט לוחות. פערשטעה איך זיין אידעאל, זיין ווערק..) פרישע און גליטשיגע, האט ער זיי געטראגען אין די הענד; ניי און ניט אין גאנצען רייף איז זיין אידעאל געווען... אראבקומענדיג פון בארג און דערזעהענדיג יודישע אויסגעפוצטע יונגפרויען טאנצען פאר'ן גאלדענעם קאלב, האט ער אן זיינע אייגענע וועלטען פערגעסען און פון די הענד זיי ארויסגעלאזען —

חוה. ער האָט אודאי אויך געהאַט אַ הייסען טעמפּעראַמענט?

בערג. אַודאי, אַודאי!

חוה. וואָ!... (קוקט איבער די פּאַפּיער'ן אויפ'ן טיש) איהר שרייבט וואָס?

בערג. איך שאַף —

חוה. וועלטען... (קוקט אריין אין אַ פּאַפּיער. פּויזע).

בערג. איהר לייענט? איהר וועט ניט דערקענען מיינע קופּ'ן.

חוה. פאַרוואָס שרייבט איהר אַזעלכע קופּ'ן?

בערג (שפּאַרט זיך אויך אָן אויף דעם טיש, גאַנץ נעבען איהר, אינטים־פריינדליך). איהר האָט שוין געפונען אַ קופּ?

חוה. איך פרעג נאָר... (זיי זוכען אַ ווייַלע. חוה רוקט זיך אַביסעל אָב פון איהם) וואָס האָט איהר עס געגעסען?

בערג (אַביסעל פערוויררט). וואָס!?... אַ געפּרעגעלטען הערינג...

חוה. אַ געפּרעגעלטען?

גרונע (ברענגט אריין טהעע און געהט אָב).

בערג (נעהמט אָן עטליכע פּאַפּירען פון טיש, האַלט זיי הויך ווי ער וואָלט עס וועלען צערייסען, פערטראַכט זיך.)

חוה (מישענדיג איהר טהעע). מישט אייך אויס דעם טהעע, בערג, וואָס טראַכט איהר?

בערג (קוקט איהר אַביסעל אָן). זאָל איך צערייסען?

חוה. ס'הייסט, איהר ווילט צערברעכען די צווייטע לוחות?

בערג. די דריטע... די צווייטע פּאָר האָט דער זעלבער משה בעשאַפען.

חוה. די דריטע...ס'הייסט, אייער ערשטע געשאַפענע פּאָר?

בערג (מטשטש). די ערשטע — ס'הייסט ניט די ערשטע; די ערשטע האָב איך שוין לאַנג אָנגעשריעבען (לאָזט אראָב דעם קאָפּ) און ניט צערבראָכען...

חוה. געדרוקט? אי קאליקע!... וואָס האָט איהר צום ערשטען געדרוקט?

בערג. אַ ליעד.

חוה. אַה, דאָס ליעדל וואָס איהר האָט מיר געווידמעט?

בערג. יע...

חוה. דאָס!

בערג (מיט א ליעבליכען טאָן). דאָס ליעד איז געווען אין דער פריה אויפגעשריבען; אויף דעם וועג צו דער רעדאַקציע האָב איך אײַך געטראָפען, איז מיר אײַנגעפאַלען עס אײַך צו ווידמען...

חוה. דער קאָנטראַסט פון משה׳ן!

בערג. דער קאָנטראַסט? (קוקט איהר שטאַר אָן) יע און ניין צוזאַמען! (קוקט איהר אָן נאָך אַמאָל) איהר פערשטעהט?

חוה. (טרינקענדיג די טהע, עסט שפּעטער בייגעל) אַ נו, רעדט...

בערג (וועצט זיך צו זיין גלאָז טהע). איך וועל עס אײַך באַלד ערקלעהרען... (גיעסט צעליבע זופען) משה און איך, — משה אין אַ מדבר, צווישען אַ ניט־קולטיווירטעם פאָלק, איך — אין אייראָפּאַ צווישען אייראָפּעער! משה — אין דער אוראַלטער צייט, איך — אין צוואַנציגסטען יאָהר־הונדערט! נאָר דאָס איז נאָך אַלץ נאָר ניכט... משה, אַ געזעצגעבער, איך — מיט מיין מוזע. — אָט דאָ געהען מיר זיך פונאַנדער!... משה דער פּאָעט איז אַסך קלענער פאַר משה דעם געזעצגעבער... שטעלט אײַך פאָר, חוה, דעם באַרג סיני! (צעשפּרייט פאַר וואונדער די הענד) אָח, דער באַרג סיני! אין אַ מדבר — אַ באַרג... און אַ מענש געהט אַרויף אויפ׳ן שפּיץ, איינער אַליין שטעהט ער אויפ׳ן סאַמע שפּיץ — אָח, ווי הערליך! די לופט איז אַזוי דורכזיכטיג, אַזוי קלאָהר, און, פּלוצלונג דונער׳ן און בליצען; בליצען, בליצען און דונער׳ן — אָח, ווי הערליך! אין מיט׳ן אַזוי: עפענט זיך דער הימעל און, גאָט, — חוה, גאָט — בעוויייזט זיך, ניעדערט אַראָב צו איהם אויפ׳ן באַרג און — ווייזט איהם זיינע פּנים... — אָח, ווי הערליך!... חוה! שוין יאָהרען־יאָהרען ווי איך זוך גאָט און געפין איהם ניט — און ער... (בלייבט אַ ווײַלע שטיל בעזאָרגט) פערציג טעג און פערציג נעכט איז אַ מענש אָבגעזעסען אויפ׳ן באַרג!... אָח, וואָס פאַר אַ איינדרוק! וואָס פאַר איבער־לעבונגען! אויפ׳ן 41־סטען טאָג איז ער אַראָב. אַראָב — און ברענגט פון דאָרט צעהן געבאָט, צעהן טרוקענע געזעטץ. — מ׳קען ניט זאָגען: דאָס שענסטע בלעטעל אין נאַפּאָלעאָנ׳ס קאָדעקס!

חוה. דאָס מיינט איהר די לוחות?

בערג. די לוחות! די לוחות! די שענע, פון ביידע זייטען קאַליגראַפיש אויסגעקינצעלטע אותיות אָבער טרוקענע חקים, אָהן אַ מאָגץ פּאָעזיע!... אַראָבקומענדיג מיט אַ שטראַהלענד געזיכט, האָבען איהם די יונגפרויען טאַנצענדיג אַרומגערינגעלט און געבע־

טען ביי איהם ליעדער. ליעדער, ליעדער, גיעב אונז! ליעדער! — ער האָט אָבער ניט געהאַט... אָ, ווען אויף די לוחות וואָלטען ליעדער אויסגעקריצט געווען! זיי וואָלטען איהם פון די הענד ניט געפאַלען און וואָלטען ניט צערבראָכען ווערען!... פאָעזי — אָט וואָס איהם האָט געפעלט!... (בלייבט זיצען פערטראַכט מיט אַ אויפגעהויבענעם קאָפּ).

חוה. וואָס דערטרינקט איהר ניט אייער טהע!...

בערג (נעהמט זופּען פּינ׳ם טהע. צווישען איין זופּ און צווייטען).

ליעדער! ליעדער!

חוה. בערג —

בערג (הערט ניט; פאַלט וואָס ווייטער אַריין אין אַ גרעסערען עקסטאַז).

ליעדער! ביינאַכט צינדען זיי מיר אָן דעם מאָרגענשטערען, ביי טאָג שיקען זיי בלאַסע לבנה־שטראַהלען אין מיין פענסטער... ליעדער! ווען טראָיאַ גופא האָט געברענט האָט קיין אויג ניט געוויינט, נאָר ווען טראָיאַס פלאַמען האָבען זיך צעפלאַקערט אין האָמערס איליאַדע האָבען זיך מענשען בעגאָסען מיט טרערען... ליעדער — דאָס איז אַ ריינער געטליכער אָפּיום! וואָס מעהר איך זינג אַלץ ווייטער זעה איך; וואָס מעהר איך זינג אַלץ העכער פליה איך — — — איך בין אויף דעם סאַטורן געווען, און זיין אייביגע תמוז־זון זיך געוואַרעמט, און זיינע אַכט לבנות זיך געשפּיגעלט, מיט די שענע גרויסע סאַטור׳ן־טעלטער אַמוזירט זיך — — — (פערטראַכט זיך).

חוה (שמייכעלט). בערג —

בערג. יע?

חוה (קוקט איהם אביסעל אָן). זאָל איך זאָגען?

בערג. וואָס?

חוה (שטעהט אויף פון שטוהל, לעגט איהם אַ האַנד אויפ׳ן אַקסיל). וויפיעל איהר זאָלט ניט ריידען, בערג, ווערט זיך מיר אַלץ דאַכטען אַז איך בין קליגער פאַר אייך.

בערג (שמייכעלט קוים, פערוווּנדערט). ווא — — — וואָס?...

חוה. איך; ווייצמאַנ׳ן אויך. און לייקענט ניט אָב — אַ ניט ריים איך אייך אויס די טשופּרינע (נעהמט איהם פאַר די האָר).

בערג (הויבט זיך אביסעל אויף פון שטוהל, מיט׳ן זעלבען פערוווּנדערטען שמייכעל). ווא — — וואָס?...

(אונטער דער גאַס־טהיר הערען זיך עטליכע שטימען)

חוה. ס'איז ער! שאַ... שטיל!... לאָזט, איך וועל מיך זעצען אויף אַמער שטוהל, מיט'ן פּלייצע צום טהיר (זי שטופּט איהם אַב און זעצט זיך, מאַכט זיך לעזענדיג. מ'קלאַפּט אָן אין טהיר) איהר וועט עקסטרע זעהן, בערג, וויצמאַן וועט מיר צו האַלטען די אויגען. (בעהאַלט דעם קאָפּ אין בוך) אַריין!

בערג. וואָ— — —וואָס?... (געהט צו נעהנטער צו דער גאַס־טהיר.)

(ס'קומען אַריין וויצמאַן, ליפשיץ, מעמע).

וויצמאַן (גיעט בערג'ן די האַנד, אָהן ווערטער.)

ליפשיץ. זיי זיצען דאָ טאַקי!

מעמע. זעהט וואָס עס טהוט זיך: טהע און בייגעל!

וויצמאַן (בעמערקט חוה'ן און ס'פאַלט איהם וואָס איין. ער וואַרט מיט א פינגער צום מויל מ'זאָל שווייגען, און געהט צו אונטער חוה'ס פּלייצע, האַלט איהר צו די אויגען, אַלע בלייבען שטיל, שטעלען זיך נעבען וויצמאַנען, בערג שטעהט ווייטער אַביסעל, נעבען בעטיל).

חוה (דאָס געזיכט מיט די בעהאַלטענע אויגען אין פּובליקום). מעמע'ס האַנד!

אַלע. (איבער בערגען. בויגען זיך אין דרייען, ניִשט צו לאַכען.)

חוה. מעמע! מעמע! איך שפּיר... בערג, זאָגט ווער איז עס! א יאָ מעמע!

בערג (פון ווייטען, טרוקען). ניין.

חוה. נו איז ליפשיץ... ליפשיץ! ליפשיץ! איך דערקען...

אַלע (בויגען זיך אין דרייען פאַר געלעכטער).

חוה. בערג, איז עס ניט ליפשיץ?

בערג. ניין.

וויצמאַן (חאַפּט אַראָב די הענד פון איהרע אויגען פערוואַרפט זיי אַהינטער, ליפשיץ און מעמע טהוען דאָס זעלבע).

חוה (דרעהט אום דעם קאָפּ, קוקט יעדען דורך די אויגען, שמייכלענדיג). בערג, ווער איז עס געווען?

בערג. וויצמאַן.

חוה (בערג'ן לאַכענדיג) זייט איהר קלוג...

מעמע (נעהמט פון טיש א בייגעל און עסט). חברה, נעהמט בייגעל; א ניט – עס איך אויף אַלע!

ליפשיץ (נעהמט א צווייטען בוינעל). אָ, אויף איהר קען מען זיך פערלאָזען... אין גאַם נאָך האָט זי מיר איינגערוימט וועגען איהר אפעטיט.

טעמע. און איהר, וואָס האָט איהר מיר איינגערוימט – זאָל איך אויסזאָגען?

ליפשיץ. איך זאָג אַליין אויס: (קוקענדיג אויף איהר ליעב) איך האָב איהר געזאָגט: אַז, אַז –

טעמע. שווייגט! (לייגט איהם איהר האַנד אויף'ן מויל).

ליפשיץ אהא!..;

וויצמאַן. היים געבען טהע, בערג.

בערג (רופט אין דער קיך מהיר). גרונע!

חוה. מ'דארף איהר דאָ ניט האָבען, געהט, זאָגט איהר אין קיך!

בערג (אָב אין קיך).

חוה. אָט אוי! איך וועל איהם ווייזען...

טעמע. וואָס ווילסטו?

חוה. כ'האָב איהם פיינד.

ליפשיץ. נוטע בייגעל, וויצמאַן, נעהם איינעם.

וויצמאַן. טהע וויל איך! (נעהט איבער'ן ציטער און בלייבט שטעהן פאר'ן בעטיל, בעקוקט דאָס בילד).

טעמע. זעהט נאָר, ער האָט שוין אָנגעגרייט נעבען זיך דעם צווייטען (האַפּט אַוועק פון נעבען ליפשיצען דעם בייגעל).

ליפשיץ. עי! דאָס לאָז איך שוין ניט אָב... (געהט צו איהר צו ביים פענסטער, ראַנגעלט זיך מיט איהר, נעהמט איהר פאַר די האַנד, וויל, נאָר איילט זיך ניט צונעהמען ביי איהר דעם בייגעל).

חוה (נעהט צו אויף די שפיץ פינגער צו וויצמאַנען ביי'ם בעטיל און פארשטעלט איהם פון אונטען די אויגען.)

בערג (קומט פון קיך, זעהט ביידע פאַר, רופט אַריין גראָבען). גרונע!

גרונע (קומט אַריין, בלייבט שטעהן נעבען מהיר, קוקט אויף בערג'ן און שמייכעלט).

בערג (שמייכעלט צו איהר צוריק). וואָס האָב איך אייך געבע-טען ברענגען?

גרונע. דריי גלעזער טעה. (שמייכלען די גאַנצע צייט איינע צו די אַנדערע).

ווײַצמאַן (נעהמט אַן הוה'ס אַ האַנד). חוה! (דרעהט זיך צו איהר אום).

ליפּשיץ (ברעכט אָב אין טעמע'ס האַנד אַ האַלבען פֿון בײַגעל). מיר אַ האַלב און אײַך אַ האַלב!

בערג (שמײכלענדיג צו גרונען). גוט...

גרונע (אַב).

טעמע. בערג, דאָס מײנט איהר מיך מיט די אותיות ט, מ. אין אַזער היינטיג ליעד'ל?

בערג. אײַך.

טעמע (צו ליפּשיצען). אהאַ! יעצט גלויבט איהר שוין?

ליפּשיץ (נעהמט אַרויס אַ רינגעם ושורנאַל). נו? איהר ווידמעט עס איהר?

חוה (חאַפּט אַרויס דעם זשורנאַל פֿון ליפּשיצען). ווײַזט נאָר, בערג'ס אַ ליעד'ל, אַ נײַע וועלט!.. (מישט אין זשורנאַל).

בערג (מיט אַ לײַכטען פֿערדרוס). פֿרײַלײַן גינצבורג —

חוה. אָט איז עס: אַבְרָהָם בֶּערְג! מיט אַזוינע גרויסע אותיות! — הערט:

(גרונע טראָגט אַרײַן 3 טהע, אַלע זעצען זיך בײַ'ם טיש.

בערג (לײַנט זיך אויפֿ'ן בענקל, מיט'ן פּנים אַרויף צו דער סטעליע, די הענד אונטער'ן קאָפּ).

חוה (לעזט). „פֿריהלינג'ס-עקסטאַז".

ווײַצמאַן (אונצופֿריעדען, שבּיסעל פֿאַר-זיך). פֿריהלינג'ס עקסטאַז!.. (געהט צו צום טיש).

חוה (לעזט). געווידמעט: ט. מ.

טעמע. מיר, טעמע מאַרקאָוויטש! (טרינקט איהר טהע).

חוה (לעזט). „ווען דער טאָג הויבט אָן פֿערגליה'ן

„די זונן הויבט אָן זיך צו פֿערשטעקען;

„און דער הימעל ווי ברושטין —

„ציגר זיך אָן אין אַלע עקען... —*)

ווײַצמאַן (לײַענט איבער נאָך אַמאָהל). און דער הימעל ווי ברושטין — ציגרט זיך אָן אין אַלע עקען!..

*) די פֿיער שורות זענען אַ פּאַראָדיע פֿון עפּעס אַ ליעד'ל.

ווייצמאַן. אַבסורד!

בערג (פון בעט). וואָס געפעלט דיר ניט?

ווייצמאַן. ווייל ס'איז אַנ'אַבסורד! (טרינקט זיין טהע).

בערג (זעצט זיך אויף, אויפ'ן בעט).

ליפשיץ (פאַר זיך, טרינקענדיג). — און דער הימעל ווי ברושטין — (העכער) ברושטין איז אַזאַ שטיין, יע?

בערג (פון בעט). אַ רויטער שטיין.

ליפשיץ (ווי ער פערשטעהט שוין). אַ רויטער שטיין...

ווייצמאַן (גיעט ליפשיצען אַ נעל פינגערנ-שפיצעל). מיין פינגערנ-שפיצעל —

ליפשיץ. אַה, פון ברושטין? גאָר ניט אַזוי רויט...

בערג (פון בעט). וואָס אַנבעלאַנגט פאַרבען, פערלאָזט זיך אויף מיר, ליפשיץ.

ליפשיץ. איך פערלאָז זיך, איך פערלאָז זיך!..

חוה. פאַר וואָס עפּעס פאַרלאָזען זיך אויף אייך?

בערג. ווייל איך ווייס זיך אויף פאַרבען!.. ווייל פאַרבען דאַרף מען שטודירען... די געזעלשאַפט אין אַלגעמיין האָט זעהר אַ קליינע אהנונג פון פאַרבען. קאָליאָרען זענען איבערהויפט ווענינ אויף דר'ערד... יאָ, דער הימעל איז רייכער אין פאַרבען, און האָט זיי פיעל מעהר (בעטאָנט שטאַרק) ניט אַלע מענשען האָבען אָבער אַזוי ליעב דעם הימעל... און דערמאַן איך שוין יענע פאַרבען (הויבט אויף א פינגער צום באַלקען) מוז איך בעמערקען, אז זיי זענען ניט אַזוי דויערענד ווי דאָ אויף דר'ערד: דאָ בלוי — איז שטענדיג בלוי; גרין — איז שטענדיג גרין. דאָרטען — גיסען זיי זיך איין פאַרב אין דער אַנדערער. ערשט איז דער הימעל גוט רויט, נאָר אָט איז ער ווי ברושטין (ניעדריגער אביסעל) ניט אַזוי רויט...

ליפשיץ. ניט אַזוי רויט... אומהו...

בערג (הויבט זיך אויף פון בעט, צו ליפשיצען). און אַז איהר שטעלט זיך אָב ווענען פאַרבען, וועל איך אייך אויסזאָגען אַ סוד... אַ סוד פון דער קינסטלער-וועלט: ס'איז גרויסע ספקות! אַזוי ווי אומעטום אַזוי אויך ספקות אין פאַרבען —

ווייצמאַן (שטעהט אויף פון טיש, געהט דעמאָנסטראַטיוו צום בעט צו און לייגט זיך אויף איהר ווי פריהער בערג; דאָס געזיכט ארויף, די הענד אונטער'ן קאָפּ.)

בערג (קוקט נאך וואס ער טהוט, רעדט דער נאך ווייטער). נעהמט א רעגען=בויגען, א פראסטען רעגענבויגען — וועט איהר שוין וויסען וואס הייסט ספקות אין פארבען... א רעגענבויגען! וואס איז א רעגענבויגען? א צוזאמענזאטץ פון פערשיעדען=פארביגע פאסען: רויט=בלוי, גרין=געל און נאך; נעהמט אבער און שטרייכט אונטער צווישען איין פארב און דער צווייטער, אוואו וועט איהר שטעלען דעם שטריך? וואו ענדיגט זיך איין פארב און, וואו הויבט זיך אן די צווייטע? אט האט איהר אנ'אילוסטראציע פון ספקות! וואס מיינט איהר, פון וואהלטאג האט ליליען און די נייע שולע אבגעשניטען מיט אלע פארבען און מאהלען נאר שווארץ אויף ווייס?..

ליפשיץ. טאקי אזוי...

בערג (דערמאנט זיך). אט וואס די ספקות אין פארבען האבען נאך אויפגעטהון: יעדער אינדיווידיאום האט געקראגען אנ'אנדער'ן בעגריף פון איין און די זעלבע פארב... ניט ווייניגער אזוי אינדיווידואליסטיש אין פארבען זענען מיר דאך אריינגעשלעפט געווארען אין דעם נייעם שטראם און, אונזערע מיינונגען זענען צעטהיילט געווארען אזוי, אז ווייצמאנען און איך קען דער זאנגען=אונטערנאנג שיינען פאר גוט רויט, (נידריגער) און מיר פאר ברושטין... דער אינדיווידואליזם איז ניט נאר מאדער'ן, ער זיצט שוין ווי איין אנגעגעסענע קרענק אין דער געזעלשאפט, צעריסען, צעבראקעלט איהר אויף פיצעלעך, געמאכט איהר אוים געזעלשאפט; א זאווערוכע האט זיך אריינגעחאפט אין גאנצע בערג צוזאמענגעפאלענע, צוזאמענגעקלעבטע שנייעלעך, און צעיאגט זיי איינציגע אין דער לופטען, יעדעם שנייעלע פליהט בעזונדער; איך בין פון דער חיה ניט אין גאנצען צופריעדען, האטש איבסען האלט פון איהר שטאל און אייזען...

ליפשיץ. אבער —

בערג. אבער! וואס אבער? איהר זענט ניט די ערשטע קלוגע פרומע לייט, וואס זוכען אין יעדע זאך די עלטקייט... מיר קענען זיי שוין פון לאנג ווייל מיר זענען אליין געוועזען אזעלכע... געוועזען און זענען אבער נישט מעהר! איך אליין בין ניט לאנג ארויס פון אייער חדר, — איך בין אבער ארויס!... און איהר וועט אלע ארויס —, אלע, אלע! (איראניש) וועלכע ליעבען אזוי דאס עלטע, דאס אמת=וואהרע, ווייל פון צופיעל גראבלען זיך, כדי צו

דערנעהן דאָס געוויע, איז אַרויסגעשוואומען דאָס אונגעוויע; פֿון צופֿיעל טיעפֿען זיך אין פֿאַרבען האָט אַרויסגעשפּראָצט דער דע־קאַדאַנס אין פֿאַרבען. לעאָניד אַנדרעיעוו שרייבט אַנ׳ערצעהלונג:

Красный смѣхъ!

ליפּשיץ. אמת...

בערג. אַנדרעיעוו האָט געוואָלט עפּעס זיין — האָט ער זיך אַזוי לאַנג פֿערטיעפֿט אין זיין געלעכטער, אַזוי לאַנג איהם פֿונאַנ־דערגעגליעדערט פֿאַר זיינע אויגען, ביז ער האָט דערזעהן, בע־שיינפּערליך דערזעהן, אַז ער איז אַ רויטער—

ליפּשיץ. באַ!..

בערג. ניט ווילענדיג ווערען מיר אַריינגעשלעפּט אין נייעם שטראָם; מיר לעבען אין אַזאַ צייט וואָס יעדער קוקט מיט זיינע אייגענע אויגען, פֿיהלט מיט זיין אייגען האַרץ, מאָהלט ווי ער פֿערשטעהט אַליין...

ווייצמאַן (פֿון בעט). אָבער העָר נאָר דו, רעדסט אַזוי פֿיעל אָן, — חוה, לעזט נאָר איבער די לעצטע פֿון די פֿיער שורות—

חוה (לעזט). ציגדט זיך אָן אין אַלע עקען —

ווייצמאַן (פֿון בעט). יע... „ציגדט זיך אָן אין אַלע עקען!"

בערג. פֿאַר וואָס ניט?

ווייצמאַן. דער פֿאַר ווייל די זונן געהט אונטער אין מעריב־זייט און, נאָר דער בערג, די זייט, אָרער ווי דו זאָגסט, כ׳העג, דער „עק" פֿון מערב־זייט ציגדט זיך אָן!

בערג. דו קריכסט שוין נאָר אויף די גלייכע ווענד, ווייצמאַן. מיט וואָס זענען ברעגען, זייטען — ווי דו זאָגסט, — שענער ווי עקען?

ווייצמאַן (אויפגערעגט). זאָל שוין זיין עקען, עקען, עקען! אָבער אַלע ציגדען זיך דאָך ניט אָן!

ליפּשיץ. מאַקע ניט...

בערג (סעהר געוואָרנט צו ליפּשיצן). קענט איהר מיר מוחל זיין, איך בין סענטימענטאַל...

ווייצמאַן (זעצט זיך אויף אויפ׳ן בעט). וואָס?

בערג (ווייצמאַנען, פֿערענטפֿערט זיך). איך לייקען ניט, איך בין סענטימענטאַל...

ווייצמאַן (שטעהט אויף פֿון בעט). אַ ליגנער ביסט! (ער זעצט

זיך נעבען חוה'ן בײַ'ם טיש, נעהמט איהרע א האנד אין זײַנע, פאטשט אויף איהר לײַבט)·

ליפשיץ (הויבט זיך אויף פון טיש, געהט און לעגט זיך אויפ'ן בעט ווי ווײַצמאן). „אין אַלע עקען" — א שטיקל גוזמא טאַקי...

טעמע. בערג, איך נעהם ניט אן דאס ליעד'ל... אנ'אנ־דערס זאָלט איהר מיר ווידמען.

בערג. אָה, מע באַקאַטירט מײַן „פריהלינג'ס־עקסטאַז"!

ווײַצמאַן (דרעהט אויס דעם קאפ צו בערגען). ווײַל ער איז פאַלש.

בערג (טעמען). איך וועל אײַך קײַן אנדער ליד ניט ווידמען (זעצט זיך אויף א שטוהל פיעף אין מיט'ן צימער).

טעמע. פאַר וואָס?

בערג. ווײַל ס'איז אײַנע פון מײַנע געלונגענע מאָטיווען...

ווײַצמאַן (חוה'ן אינטים־איראָניזירט). „דער הימעל צינדט זיך אן אין אַלע עקען..."

חוה (אינטים־שטיל). אין אַלע עקען?

ווײַצמאַן. איהר געדענקט ניט? נעכטען —

חוה. אין פעלד?

ווײַצמאַן (קוים הערבאר אין דער שטימונג). די זונן האט זיך געטרונקען —

חוה. אין מערב זײַט...

ווײַצמאַן. און אָנגעצונדען האט זיך —

חוה. דער מעריב זײַט...

ווײַצמאַן (געהיימניס־פאל). דער מעריב זײַט... און דער מזרח—

חוה (ציעהט זיך צו בײַנקשאפט און מורא). און געוועזען גרוי — די נאַכט האט זיך פון דאָרטען אָנגערוקט.

ווײַצמאַן (נעהמט איהר צארט ארום). די נאַכט... (בלײַבט אזוי זיצען) אין זײַט האט דער טאָג גע'גוסס'ט, געשפײַט מיט בלוט, נשמה־ליכט אָנגעצונדען און, פון דער אנדער זײַט האט זיך גע־וועבט די נאַכט... (פויזע).

טעמע (געהט אויף די שפיץ פינגער צו ליפשיצען צו, קניפט בײַ'ם בעט. רופט אין אויסלע ארום, שטיל). ליפשיץ —

ליפשיץ (דערוועהט זי). אָה, טעמע!.. (לעגט זיך אויף דער זײַט דאס פנים צו איהר).

טעמע (שפּיל). דאָס ליעד'ל איז גוט?

ליפּשיץ. ניין, בעט אַנ'אַנדערס...

טעמע. שרייבט איהר אָן.

ליפּשיץ. איך?

טעמע. איהר האָט נאָך קיינמאָהל ניט געשריעבען קיין ליעדער?

ליפּשיץ. ניין.

טעמע. פּרובט אַמאָל...

ליפּשיץ. אָה, איך קען נאָך אויך האָבען אַ טעות און אָנמאַכען אַזעלכע צרות ווי ער...

טעמע. אַ דאגה, האָט אַ טעות!...

ליפּשיץ (נעהמט אַרויס פון טאַש אַ בליי מיט אַ ווייס שטיקעל פּאַפּיער). אויף אייער אחריות, געדענקט איהר האָט מיך געבעטען! (שרייבט ליעגענדיג אויפ'ן בעט).

טעמע. גוט... איהר שרייבט שוין?

ליפּשיץ (הויבט אויף דעם קאָפּ פון פּאַפּיער). יאָ, איך רייד אָבער אוים פריהער: אָהן גראַמען. איך קען ניט מיט גראַמען...

טעמע. איז אָהן גראַמען, נאָר שרייבט, שרייבט...

בערג (הויבט זיך פּלוצים אויף פון שטוהל; הויך). עה, רעאַליסטען! רעאַליסטען!

אַלע. (אויסער ליפּשיצן, האַפּען זיך אויף.)

בערג. אומזיסט אייער מיה, איהר וועט מיר ניט אָנהענגען אייער מאָדערנעם טרוקענעם רעאַליזם. ניבער וועט איהר נעמען אייער איינגעדאַרטען שטיס-בעזעם אין דער „שוויץ" און, אויספּאַרען איהם דאָרט אויף דער הויכע באַנק, אָנשטעקען איהם דאָרט מיט אַביסעל מיסטיקע. קענטיג מאַקע, אַז דער קאָפּ אייערער איז שטענדיג קלאָר און ניט געוואוינט צו אַ נעבעל... מעמערליכק האָט זיין מאַנאַ-וואַנאַ פון דער הויכער שוויץ-באַנק אַראָבגעבראַכט.

וויצמאַן. חוה, אפשר וועלען מיר געהן?

חוה. באַלד.

בערג. ווידער ווער הייסט אייך לעזען פּאָעזיע! פאַר אייך שרייב איך פּראָזע, לעזט מיינע פּראָזאַ! לעזט מיינע ערצעהלונגען, מיינע „בילדער פון לעבען", וואו איך בין רעאַל... רוקט זיך אָבער ניט — מיינע ליעדער!

טעמע (געהט אביסעל אב פון בעט, דרעהט זיך בײ'ן גיבער־שענקעל, קוקט איבער ביכער, זשורנאלען).

ווײצמאן. איהר געהט, חוה?

חוה. באלד...

בערג. אין מײנע ליעדער בין איך אנ'אנארכיסט, פרײ פון אלע רעגעלען, פרײ! כ'טהו וואס איך וויל —

ווײצמאן (דרעהט זיך אום אויפ'ן שטוהל מיט'ן פנים צו בערג'ן, ד' בעמבע אויפ'ן ווענטיל פון שטוהל). נו?

בערג. איך טהו וואס איך וויל!

ווײצמאן. קריכסט אויף די ווענד?

בערג. ריכטיג! ריכטיג בעמערקט... „איך קריך אויף די ווענד". זעהר כאראקטעריסטיש פאר דיר, כאראקטעריסטיש בע־מערקט! (עקסטרע) — דער הימעל צינדט זיך אן אין אלע עקען!

ווײצמאן (קעהרט זיך צו איהם שנעל אום מיט דער פלײצע).

בערג. און ווי דו ווילסט! שפרײט פונאנדער מײן פאנטאזיע איהרע פליגעל לאז איך איהר פליהען... מיט אײן פונק צינד איך אן דעם גאנצען הימעל; דו ווערסט דאס פײער ניט זעהן... פאר מיר אלײן האט זיך דער הימעל פונאנדערגעפלאקערט... דו זאגסט: נאר דער אײן מעריב זײט — גוט! פאר מיר אבער עק־זיסטירען ניט די אנדערע הימעל־עקען; און אײן עק זעה איך אלע עקען... דער מעריב ענטהאלט אין זיך אלעמען: צפון, דרום, מזרח — טרעפסטו מיך אין אזא עקסטאז, — שטיל זײ, פראזאאיק! רעד קײן ווארט ניט! איך דארף זיך ניט אומקעהרען און זעהן די פינסטערע העלפט ווי דו, פערדארב מיר ניט, ווײצמאן, מײן אילוזיע...

ווײצמאן. טעמע, אנ'אנדער ליעד'ל זאל ער אײך ווידמען, איהר הערט?

בערג. האב איך אויפגעמאהלט אנ'אונגעוועהנליכעס ביلד, וועלכע דו האסט נאך אין לעבען ניט געזעהן, צערײס ניט דער־פאר דעם לײוואנד... (גיעררינער אביסעל אין א ווײנענדיגען טאן) שענער איז דאך אוודאי אז אלע עקען צינדען זיך אן, איידער אײן עק!...

ווײצמאן (צו טעמען). אנ'אנדער ליעד'ל, טעמע!

טעמע. איך האב שוין בעשטעלט...

ליפשיץ (שפרינגט אויף פון בעט). בעשטעלט — און, שוין פארטיג!

טעמע (לויפט צו איהם צו). נו?!

ליפשיץ (מיט'ן פאפירל אין האנד). אומגעריכט האט זיך אריינגעכאפט א גראם אויך!

טעמע (צופריעדען און פערוואונדערט). נו?!

ליפשיץ. אט וועל איך אייך ווייזען: (קוקט אין פאפיר'ל) וואונדער — אונטער!

בערג (געהט צו, לעגט זיך אויפ'ן בעט, אונטער'ן נאז). וואונדער־אונטער...

ווייצמאן. דו אויך, ליפשיץ?

ליפשיץ (פערשולדיגט, ווייזט אויף טעמען). פאר איהר...

ווייצמאן. עקספראָמט!

טעמע. ליעגענדיג!

חוה. און אין א שטוב מיט מענשען. — איהר שרייבט אויך אזוי, בערג?

בערג. ניין.

חוה (שושקעט זיך מיט ווייצמאנען און איין ווינקעל נעבען טיש. זי דערצעהלט איהם עפעס, ווייצמאן שמייכעלט).

טעמע (נעהמט ליפשיצען פאר'ן אָרעם, פיהרט איהם צו דער סוואנס־פעגע, בעט איהם). לייענט...

ליפשיץ (לעזט פון פאפירל). איך וואוין אין מעריב—
און טעמע וואוינט אין מורח;
קום צו מיר אין מעריב,
קום צו מיר! —
דו קומסט! דו קומסט!
צו וואס איז עס געגליכען?
איז עס ניט די זונן וואס ציעהט פון מורח,
צו דעם מעריב? —
דו קומסט! דו קומסט!
אויף מיין שווארצען שאטען,
אויף דעם מעריב,
איז געפאלען —
דיין גאָלדנער גלאנץ...
איך בין א קינד פון מעריב,
איך האב נאך דיר געבענקט אין דונקעל'ן,

אין שטילען האָב איך דיך גערופען,
יעצט קום איך דיך, מײַן קינד!
טעמע —
נעה ניט צוריק, נעה ניט צוריק —
דער קום פון מײַנע ליפּען זאָל דיך ניט פערטרײַבען...
אָה, דו נעהסט צוריק!!
איך בלײַב אַלײן אין מעריב —
דו קעהרסט זיך אום נאָך מזרח,
אָה, שלעכטע, שלעכטע וואנדער!
ניט אין מעריב זינקט די זונן,
אין מזרח נעהט זי אונטער!..

(פויזע. ער בויגט זיך קוים אײַן צו טעמע'ס שטערען און קוסט זי).

טעמע (רוקט זיך אָב ווײַטער).

ווײַצמאַן (צעלאַכט זיך לײַכט פון חוה'ס ערצעהלונג, דערמאַנט זיך). אַ נו, ווײַז נאָר ליפּשיץ דײַן אַרבײַט.

ליפּשיץ (ניעט נישט דאָס פּאַפּיערל; פרעגט טעמע'ן). זאָל איך איהם ווײַזען?

טעמע. נײַן!

ווײַצמאַן (טעמע'ן). פאַר וואָס?

טעמע. איהר קענט נאָך זאָגען אַז עס טויג ניט; איך וויל ניט אַז איהר זאָלט עס זאָגען... ווײַזט ניט, ליפּשיץ!

ווײַצמאַן (נעהט צו, צו ליפּשיצען, נעהמט איהם דאָס פּאַפּיערל פון די הענד לעזט פאַר־זיך).

חוה (קומט צו און זקוקט אויך אַרײַן אין פּאַפּיערל. פאַר־זיך, נײַגעריג). צו טעמע'ן... (פויזע).

ליפּשיץ (טרעט נאָהנט צו צו טעמען פערטהײַדיגט זיך שטיל, כלומר'שט ער האָט ניט געוואָלט נאָר ווײַצמאַן האָט אַלײן דאָס ליעדל פון זײַנע הענד אַרויסגענומען).

טעמע (פרעגט איהם פרײַנדליך). איהר וועט עס דרוקען, ליפּשיץ?

ליפּשיץ (גיעט אַ הויב מיט די פּלײַצעס). אַח!...

טעמע. גוט... איך האָב בײַ מיר אין דער הײַם ליעגען אַנ'אַלבאָם, אַ דינעם מיט זײַדענע טאָוועלעך, איהר וועט עס מיר דאָרט איבערשרײַבען...

